# שטערן

ליטעראַריש-
קינסטלערישער
און פּאָליטיש-
געזעלשאַפטלעכער
כוידעש-זשורנאַל

מינסק

1934

ינהאַלט



11

# מיטיילונג פונ דער רעגירונג

דעמ 1־טנ דעקאבער 16 אז. 30 מינוט איז אינ לענינגראד, אינ דער געביידע פונעמ לענינגראדער סאָוועט (געוו. סמאָלני) דורכ דער האנט פונ א מערדער, וואָס איז אונטערגעשיקט געוואָרנ דורכ די פיינט פונעמ ארבעטער־קלאס, אומגעקומענ דער סעקרעטאר פונ צענטראלנ אונ לענינגראדער קאָמיטעטנ אלקפ(ב) אונ מיטגליד פונ פרעזידיומ צ"ק פססר כאווער סערגיי מיראָנאָוויטש קיראָוו. דער וואָס האָט געשאָסנ איז פארהאלטנ געוואָרנ, עס ווערט אויסגעקלאָרט ווער ער איז.

---

# פונ צענטראל־קאָמיטעט פונ דער אל־פארבאנדישער קאָמוניסטישער פארטיי (באָלשעוויקעס)

מיט גרויס טרויער טיילט מיט דער צענטראל־קאָמיטעט אלקפ(ב) דער פארטיי, דעמ ארבעטער־קלאס אונ אלע ארבעטנדיקע פונ פארבאנד אונ די ארבעטנדיקע פונ דער גאנצער וועלט, אז דעמ 1־טנ דעקאבער איז אינ לענינגראד פונ א פארעטערישער האנט פונעמ סוינע פונעמ ארבעטער־קלאס אומגעקומענ דער אָנגעזעענער טוער פונ אונדזער פארטיי, א הייסער, דרייסטער רעוואָליוציאָנער, דער ליבער פירער פונ די באָלשעוויקעס אונ פונ אלע ארבעטנדיקע פונ לענינגראד — דער סעקרעטאר פונ צענטראל־קאָמיטעט אונ פונ דעמ לענינגראדער קאָמיטעט אלקפ(ב), דער מיטגליד פונ פאָליטביוראָ צק אלקפ(ב) כאווער

## סערגיי מיראָנאָוויטש קיראָוו.

דער פארלוסט פונ כאווער קיראָוו, דעמ באליבטנ פונ דער גאנצער פארטיי אונ פונ גאנצנ ארבעטער־קלאס פונ פססר, דעמ קריסטאל־ריינעמ אונ ניט געוואקלטנ אויסגעהאלטענעמ פארטייער באָלשעוויק־לענינעצ, וואָס האָט אָפגעגעבנ זיינ גאנצ שיינ אונ הערלעכ לעבנ דער זאכ פונ ארבעטער־קלאס, דער זאכ פונ קאָמוניזמ, איז דער סאמע שווערסטער פארלוסט פאר דער גאנצער פארטיי אונ פונ סאָוועטנ־לאנד פאר די לעצטע יאָרנ.

דער צענטראל־קאָמיטעט גלויבט, אז דער אָנדענק וועגנ דעמ כ' קיראָוו, דער ליכטיקער ביישפיל פונ זיינ דרייסטנ, אומדערמידלעכנ קאמפ פאר דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע, פאר דער בויונג פונ סאָציאליזמ אינ פססר, וועט באגייסטערנ די מיליאָנענ פראָלעטאריער אונ אלע ארבעטנדיקע צומ וויטערדיקנ קאמפ פאר דעמ טריומפ פונ סאָציאליזמ, פארנ ענדגילטיקנ אויסוואָרצלענ אלע סאָנימ פונ ארבעטער־קלאס.

צענטראל־קאָמיטעט פונ דער אלפארבאנדישער
קאָמוניסטישער פארטיי (באָלשעוויקעס).

פראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך

# שטערן

נאָיאבער 1934 ═══ צענטער יאָרגאנג ═══ № 11

ז. אקסעלראָד

## פינף לידער

* * *

אזוי שווער הייבט זיך אָנעט שטענדיק,
אזוי לייַכט בלאָזט אוועק דער ווינט,
האָסט געמיינט, אז ביזט זייער זעענדיק,
לאָזט זיך אויס—דערזועסט ערשט אצינד.

און אזוי הייבט זיך אָן דייַן געשיכטע
מיטן לעבן, וואָס שלעפט דיך מיט —
האָסט אפ אזויפיל געריכט זיך,
לאָזט זיך אויס נאָר א קליינע ליד.

... אָט איז זי די שטאָט מאָסקווע,
אונדזער יוגנט און אונדזער ערד —
וויפל מאָל ס'טו די גאסן געמאָסטן
און צום רויטן פלאץ פארקערט.

אָט שלאָגט דער ספאסקער זייגער
און אָט איז די קרעמל-וואנט,
און דער אלטער מאָסקווער שטייגער
צערינט אונטער דייַן האנט.

ביזט שוין, דאכט זיך, אביסל געלערנט,
שרייַבסט לידער און פאטערסט פאפיר.
וויפל דארף מען נאָך קנייטשן דעם שטערן
אפ זייַן כאָטש א האלבער שעקספיר.

כאפסט זיך אריַין אין זאָאָלאָגישן גאָרטן,
קוקסט זיך צום העלפאנד צו:
סארא קראפט אין זייַן שנוק איז פארבאָרגן,
אז אפילע א נאָדל ציט ער צו.

אין דײַנ צימער אפנ שטאָק אפ דעם אכטנ
קוקסטו פונ פענצטער ארויס,
אונ קענסט זיכ אלצ ניט דערטראכטנ
מיט וואָס א לעבנ לאָזט זיכ אויס...

דעם צימער אפנ שלאָס פארשפארסטו,
פליסט אראָפּ פונ די טרעפּ יונגערהייט,
נעמסט ארויס די סענטיאבער־קארטנ
אונ שטעלסט זיכ אינ ריי נאָכ ברויט,

דערנאָכ יאָגסטו שנעלער אונ גיכער,
כאפּסט זיכ אָנ אָנ טראמוויַ־וואגאָנ
אונ ביזט שוינ אינגאנצנ זיכער,
אז דײַנ לעבנ הייבט זיכ איצטער אָנ...

* * *

דער ציג פירט מיכ ווידער קיינ דאָרעם,
מײַנ וואגאָנ וועט מיכ ברענגענ אינ קרים.
וויפל מאָל כ'בינ אינ הארבסט ניט געפאָרנ,
איז דער סענטיאבער ניט געווענ אזוי גרינ.

אָט קויפּ איכ די ווײַנטרויבנ ערשטע,
א פרישע יאגעדע כ'פּרווו אפ דער צונג,
מיינ שאָכנ גיט פלוצלונג א קער זיכ:
„דער ווײַנטרויב איז נאָכ קענטיק יונג“.

אפנ פעלד, דאכט זיכ, רײַט וואָראָשילאָוו,
די מאנעווורעס שליסנ זיכ היַינט.
איכ ווייס: נאָכ א וועסטער שטילנ
קענ א גוטער שטורעם זײַנ.

מיט היצ כ'בינ דעם וועג שוינ באוואָרנט,
פארפילט איז מיט שטויב די קופּע,
פארבײַ מיר שפּאנט אדורכ פונפאָרנט
א קאָמאנדיר אינ הויזנ גאליפע,

אינ טשעמאָדאנ האָט ער זיכער באהאלטנ
נײַע באלעטקעס אונ טרוסנ א פּאָר,
אונ אויסגעשניטענע צײַטונג-שפּאלטנ
וועגנ טאנקענ אפנ פיר אונ דרײַסיקסטנ יאָר.

— קאָמאנדיר! ניט האָט קײנ פאריבל,
װאָס איכ שטעל אײַכ אָפּ אינ מיטנ װאגאָנ:
טוט אויס, איכ בעט אײַכ, די שטיװל
אונ טוט גלײַכ די באלעטקעס אָנ!

אזוי פאָרנ מיר אָפּרוענ אלע,
אינ סטעפּ איז שוינ נאכטיק-שפּעט,
אונ אינ קעשענע ליגט טיפ באהאלטנ
דער געלער װאגאָנ־בילעט.

דער צוג פירט מיכ װידער קײנ דאָרעם,
מײַנ װאגאָנ װעט מיכ ברענגענ אינ קרים.
װיפל מאָל כ'בינ אינ הארבסט ניט געפאָרנ,
איז דער סענטיאבער ניט געװענ אזוי גרינ...

# אונ ס'איז װײַט שוינ פונ דיר.

Клав. Пав.

אונ ס'איז װײַט שוינ פונ דיר
דער צעװאקסענער פארק,
אונ ס'איז װײַט שוינ דער יאם,
אונ אײַ-פּעטרי דער בארג,
אונ אלײנ ביזטו װײַט
אונ דו קוקסט זיכ ניט אום
אפּ דער רײ קיפּאריסנ
אונטער דער קרימער זונ,
עס כליופּעט א רעגנ
אינ מאָסקעװע־שטאָט
אונ שרײַסט אויס אינדערהויכ:
אײַ א שאָד, אײַ א שאָד,
װאָס ביזט װײַט שוינ פארפאָרנ
אונ ס'איז װײַט שוינ פונ דיר
די כװאליע פונ יאם
אונ דער ברעגיקער זשװיר.

אזוי קומסטו אראָפּ
אינ א נאסנ באגינ,
פונװײַטנ װארט רויק
אנ אוטאָ־מאשינ,
דײַנ פרוי דײַנ באקאנטע

זעצט זיכ אוועק לעבנ מאנ
אונ דו זעגנסט זיכ אָפּ
מיטנ ראשיקנ באנ,
אונ ביזט דאנקבאר אינ הארצנ,
אונ ביזט טיפ נאָכ גערירט,
וואָס זיי פירנ דיכ צו
צו א כאוועריס א טיר, —
אונ שעמ זיכ ניט, פרײַנט,
דו בלײַבסט שטיינ אופגערעגט,
ווענ עס יאָגט די מאשינ
הינטער דיר גלײַכ אוועק.

דערנאָכ קומסטו אינ געסט
אונ מע זיצט זאלבאדריס:
דײַנ באקאנטע, איר מאנ
אונ דו אינדערמיט.
ער קוקט ניט פארוווּנדערט,
ער קוקט העפלעכ דיכ אָנ
דער הויכער, דער שווארצער
סעקרעטאר פונ רײַקאָמ.
אונ ער גיט זיכ א שפּאס
אזוי אָפֿנ אונ קלאָר:
גוט איז א כאווער א פרוי
א קײַלעכיק יאָר,
ווענ דארפסט אויספילנ פּינקטלעכ
דעמ יאָריקנ פּלאנ
אונ פאָרנ דערצו נאָכ
פארטאָג צומ באנ.

אונ ס'איז ווײַט שוינ פונ דיר
דער צעוואקסענער פּארק,
אונ ס'איז ווײַט שוינ דער יאמ
אונ איי־פּעטרי דער בארג,
אונ ווידער שוינ שטייסטו
אזוי דאָ פארבענקט
נאָכ לידער, נאָכ ארבעט,
נאָכ ווײַסרוסלאנד דײַנ היימ.
ביזט ווײַט שוינ פארפאָרנ
אונ ס'איז ווײַט שוינ פונ דאנ
דײַנ פרוי דײַנ באקאנטע

און די כוואליע פונ יאמ,
קוקסט אינ פענצטער ארויס
און דו זאָגסט צו זיכ פרײַנט,
זאָל דיכ פירנ דער צוג,
עס קענ אנדערש ניט זײַנ!

* * *

אויב אײַכ געפעלנ ניט די מינסקער געסלעכ,
איז ווי איר ווילט זיכ—ס'איז אײַער זאכ.
כ'האָב ליב אמאָל, ווענ די לעוואָנע פארגעסט זיכ
אונ שפרייט זיכ אויס אפ א צעבראָכענעמ דאכ.

עס ווײַזט זיכ גלײַכ א שווארצער קאָטער,
אונ באלד נאָכ אימ א ווײַסע קאצ,
אונ ביידע פליִענ אָנ אנ אָטעמ
צו זייער אײַנגעזעסענעמ פלאצ.

די פענצטער אינ הויפ זײַנענ אָפנ
אונ מע זינגט דאָרט ארויס אינדערשטיל
פונ א מיידלס א פארלאָרענער האָפנונג,
וואָס רופט איצט איר מאמענ צוהילפ.

עס גיסט זיכ דער ווייכער ניגנ
פונ פענצטער אינ פענצטער ארײַנ,
אונ דער געקאלכטער פלאנקענ וויגט זיכ
אינ דער לעוואָנעס קלאָרער שײַנ.

צוועלפ אזייגער, אביסעלע שפעטער
מע קערט זיכ פונ קינאָ אהיימ,
מע שטייט באמ טויער, מע רעדט זיכ
אונ מע וויל נאָכ אינ שטוב ניט גיינ.

מע דערציילט די נײַסנ די לעצטע
פונ שיפ „טשעליוסקינ", פונ א פליִער א העלד
אונ יעדער איינער איז גרייט זיכ זעצנ
אונ פליִענ אפ עק וועלט...

אָט דער געלער, צעבראָכענער טויער,
ווענ אלט איז מענ אכצנ יאָר,
פארליבט איז מענ פלאמעדיק זייער
אונ מע גלעט מיט די פינגער די האָר,

דערנאָך קלאַפּט מען אהיים אין די לאָדנ
און עס שרײַט א טאַטע פון בעט:
מיר געפעלט ניט, טאָכטער, די מאָדע
קומען אלע נאכט אזוי שפעט...

אָט די לעצטע פארבליבענע געסלעך
מיט גאַניקעס פון גרויען האָלץ.
אנטשולדיקט, כ׳האָב נאָך אײַך ניט פארגעסן,
נאָר פארגעסן קען מען אלע מאָל!

# נאָיאבער

זיי האָבן געזונגען און ס׳האָט זיך געהערט,
ווי זיי האָבן די גאסן געמאָסטן,
פעסט איז געווען דער טראָט אפ דער ערד,
יעדער שפאן, ווי אויסגעגאָסן.

און ס׳האָט זיך געטרייסלט די הארבסטיקע נאכט
פון זייערע מענערשע שטימען —
גלײַך דער געזאנג איז ארויס אפ דער וואך
פון נאכט און ביז באגינען.

העכער און העכער הייבט זיך די לופט,
דער טראָט איז ניט געענדערט,
נאר ס׳דערקײַקלט זיך פלוצים צו מיר דער רוף
פון יענע ווײַטע לענדער...

עס ליגט שוין דאָ אזא קלאָרער הארבסט,
די ערשטע טעג פון נאָיאבער.
און ס׳ווײַזט זיך פאר מיר א פארבלוטיקט הארץ
פון מײַנעם א שפאנישן כאַווער.

און ס׳קלינגט לעבן מיר א פארשטיקטע שטים,
וואָס זשע דאָ געשען איז?
דאָס שטייט א׳צטער אופ אפסנײַ פון ווינ
די פעווראלער געשעעניש.

הער איך: באלד איז יאָנטעוו בא דיר
דו קענסט זיך רויִק ליגנ!
פון אינעווייניק—פארשפארט דײַן טיר,
אין גאס—א רויטארמײַישער ניגנ.

און איך בין שוין לאנג ניט געלעגן אין בעט,
עס האָט מיך אופגעהויבן —
עס האָט זיך געוויגט וייער טרויער־געבעט
אריבער מײַנע שויבן.

בין איך ארויס אין מיטן נאכט
די ערשטע טעג פון נאָיאבער,
לאָמיר האלטן די ערן־וואך,
טײַערער שפאנישער כאווער!...

דערנאָך האָב איך אים ארויסבאגלייט
צו ערגעץ א ווײַטן טויער,
אין ס'האָט זיך געהערט נאָך אלץ, ווי עס גייט
די דיוויזיע רויטארמייער.

זיסקינד ליעוו

# דעמאָנסטראַציע *)

אינ שטוב בא זײַנ מוטער ווארט שוינ אפ אים טילי.

זי זיצט אפ דער קאנאפע, לעבנ איר זיצט זײַנ מוטער אונ שיילט קארטאָפל. נאָר ער בייזערט זיכ:

— ערשט איצט שיילסטו קארטאָפל? דו ווייסט דאָכ, איכ מוז אוועקגיינ.

די מוטער שיילט, קוקט אפ די לאנגע שאָלנ, ענטפערט שטיל:

— אינ לאָמבארד בינ איכ געזעסנ גאנצע דרײַ שאָ און ערשט באקומענ פיר מארק פאר דער גאנצער וועש.

טילי שמייכלט, קוקט אפ פאטיצקא, רירט זיכ ניט. זי איז נאָרוואָס ארויס פונ ארעסט, אונ ער—גלײַכ ער וואָלט זי ניט געזענ גאָר. ערשט פאטיצקא גייט צו איר צו מיט זײַנע שווערע טריט, גיט איר די האנט. זי שמייכלט:

— אכ, האָסט דיכ דערמאָנט, אז איכ בינ דאָ אינ שטוב?

ער זעצט זיכ אפ דער קאנאפע, לעבנ איר, לייגט ארופ די הענט אפ זײַנע קני, לאָזט אראָפ דעם שווערנ קאָפ, פרעגט:

— ווענ האָבנ זיי דיכ ארויסגעלאָזט?

זי ענטפערט אים:

— ערשט הײַנט אינדערפרי. אונ דיכ? הייב אופ דעם קאָפ, דו!

מיט ביידע הענט רײַסט זי בא אים ארופ דעם קאָפ, בא די האָר אונ בא דער געמבע קוקט ארײַנ אינ זײַנ גרויסנ פאָנעם, אינ די גרויסע שטופלענ, דערמאָנט זיכ, וואָס ער האָט געזאָגט פאר עטלעכע טעג בא זייער פארזאמלונג: „א קנארע אינ דער האנט אונ לעניג אינ קאָפ...‟ אונ זי פרעגט זײַנ מוטער:

— מוטער, צו וואָס האָט איר געהאט אזא שווערנ יונג?

די אלטע קוקט אפ די לאנגע שאָלנ אונ ענטפערט שטיל:

— אזא איז אויכ געווענ זײַנ פאָטער. אזוי גרויס, אזוי שווער.

פאטיצקא רײַסט אוועק זײַנ קאָפ פונ טיליס הענט:

— צי דו וועסט א מאָל אופהערנ, דו שפּילערנ!

נאָר זײַנ מוטער רעדט שוינ ווײַטער, אונ טילי דרייט אויס צו איר דאָס שמייכלענדיקע פּאָנעם.

---

*) א קאפיטל פונ ראָמאנ „פראָלעטנ פונ בערלינ‟, וואָס דערשײַנט אינגיכנ.

— ווען דער בוים האָט אים צוגעדושעט, דאָרט אין וואַלד, ווו ער האָט געאַרבעט, האָבן די מענטשן דערנאָך דערציילט, אַז שוין ליגנדיק אונטער דעם בוים האָט ער אים נאָך אונטערגעהויבן, כאָטש דער בוים איז געווען שווער, עטלעכע הונדערט צענטנער. אינדערפרי האָבן אים די מענטשן געפונען איינגעבויגן אַף די קני, אַזוי הויך האָט ער דעם שווערן בוים נאָך געקאָנט אונטערהייבן. אָבער ער איז געשטאָרבן. און די וואַלד־פאַרוואַלטונג האָט דערנאָך געזאָגט, אַז ער איז זיך אַליין שולדיק געווען אין טויט, אַזעלכע פאַרשאָלטענע הינט.

זי איז אופגעשטאַנען, צונויפגענומען די שאָלן, גענומען דעם טאָפּ מיט קאַרטאָפל, אָפּגעזיפּצט און אַוועק אין אַנטקעגנדיקן ווינקל צו דער גאַז־קיך.

טילי האָט זיך אויסגעצויגן אַף דער קאַנאַפּע און האַלב אויך צוגעצויגן פּאַטיצקאַ צו זיך. איר שוואַרצער געקרייזלטער קאָפּ האָר איז איצט געווען צעשויבערט אינדערברייט, און די פולע רויטע ליפּן האָבן דערפאַר אויסגעזען ווי אַ רויטע מאָלערײַ אײַנגעראַמט אין אַ טיפ־שוואַרצער ראַם. פּאַטיצקאַ קוקט אַרײַן אין איר פּאָנעם. דאָס רויטע פּעפּערל אינדערמיט לינקער באַק איז הײַנט פאַרקלעפּט מיט אַ קליין קײַלעכיק שוואַרץ פּלאַסטערל־קוים דרײַ טעג איז זי בגעזעסן אין פּאָליציי־אַרעסט— און שוין האָט זי צוגעטראַכט אַ נײַע מאָדע. ביז איצט האָט זי זיך געשפּיגלט מיט דעם רויטן פּעפּערל, כאָטש שיין איז עס דאַווקע ניט געווען, אָבער זי האָט געזאָגט, אַז דאָס רויטע פּעפּערל איז דאָס איינציקע אינטעליגענטישע אין איר גאַנצן פּאָנעם. איצט האָט זי מיטאַמאָל פאַרטראַכט אַ שוואַרץ־קײַלעכיק פּלאַסטערל. זי זעט, אַז ער קוקט אַף דעם, לייגט זי צו אַ פינגער צו דער באַק און פאַרציט די ליפּן.

— וואָס איז דאָס שוין ווידער?—פרעגט פּאַטיצקאַ אופגערעגט.

— אַזוי,—זאָגט זי,—עס געפעלט דיר ניט?

און פּאַטיצקאַ גיט זיך ווידער אַ ריס פון איר. זעצט זיך אַוועק אַפן עק קאַנאַפּע.

— ניין, עס געפעלט מיר ניט,—בורטשעט ער,—אַ קאָמוניסטקע שפּילט זיך ניט אין אַזעלכע זאַכעלעך.

ער דערמאָנט זיך אָן עריך בירקנערס פּרויִ—און נעמט אַרויס די צעקנייטשטע צײַטונג פון דער קעשענע. טילי האָט זיך ניט אָפּגערופן. זי האָט אויסגעדרייט איר פּאָנעם צו דער גאַז־קיך, צו פּאַטיצקאַס מוטער.

אין רעכטן ווינקל שטייט אַ הילצערנער קאַסטן, איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרץ־רויט געשפּרענקלטן טישטעך, אַפן קאַסטן שטייט דער גאַז־קאָכער. לעבן דער רעכטער וואַנט שטייט אַן אַלטער טיש אַף דרײַ פיס. דאָרט, ווו עס פעלט דער פערטער פוס, איז דער טיש אָנגעלעגט אָן דער וואַנט. צווישן טיש און פאַרדעקטן קאַסטן פאָרעט זיך פּאַטיצקאַס מוטער, פּאַמעלעך, שטיל, מיטן רוקן צו דער שטוב. אַ ברייטער צעבויגענער רוקן, ווי אַזאַ אַלטער צעבויגענער קאַסטן, איבערגעדעקט מיט אַ קלייד, וואָס האָט קיין פאַרב ניט. אירע האָר זײַנען גרוי און שיטער, מע זעט אַרויס די געלע הויט פון קאָפּ. די טיר אין דער זײַטער וואַנט, אין דער רעכטער, ווו עס שטייט דער טיש מיט דרײַ פיס, איז אויך אַזוי פאַרבלאָז ווי דאָס אָפּגעקראָכענע קלייד פון פּאַטיצקאַס מוטער. בײַ ביידע האָט די פאַרב אָפּגענומען דאָס פילע וואַשן. זי האָרעוועט די אַלטע, מע דערקענט.

און לעבן דער וואַנט אַקעגן שטייט אַן אײַנגעפאַלענע שאַפע און אַן אײַנגעפאַלן בעט. אין דער לינקער וואַנט איז דאָס איינציקע פענצטער פאַרהאַנגען מיט אַ געל־בלייך פאָר־

האנגל, אזא, חוז מע קאָן ציילן יעדן פאָדעם. און דאָרט, לעבן איינציקן פענצטער, שטייט א קליינ טישל.

ווײַטער איז די שטוב ליידיק, גרויס און ליידיק. נאָר צוגעקערט.

אפן עק קאנאפע ויצט פאטיצקא, פארטיפט אינ דער צײַטונג. טילי נעמט אוועק די אויגנ פונ זײַנ מוטער, זעצט זיכ אופ. און ווי א פאָרזעצונג פונ א גאָר וויכטיקער, אופגעריסענער דיסקוסיע, דערמאָנט זי זיכ:

— וואָס גיים דאָס דיכ אָנ איבערהויפט? דו האָסט דיר דײַנע אייגענע זאָרגנ וויאזוי זיכ אָנצוטאָנ און וויאזוי זיכ צו פארפוצנ...

דערבײַ גיט פאטיצקא ווילד א הייב דעם קאָפּ, ווי צו געבנ פעטש:

— פארפוצנ? דאָס האָסטו אָבער גוט געזאָגט.

און קוקט ווײַטער ארײַנ אינ דער צײַטונג.

— יאָ, פארפוצנ,—זאָגט טילי פאראקשנט,—יעדער מענטש פוצט זיכ אפ זײַנ אייגענעם שטייגער. און דו פוצסט זיכ מיט דײַנ שווערקײַט, ווי א גרויסער אָקס...

ער קוקט זיכ ניט אום צו איר.

— מעגסט שווײַגנ,—זאָגט טילי,—נאָר מיר געפעלסטו דערפאר. און אויב איכ געפעל דיר ניט מיט מײַנ פוצנ זיכ, — — זי שווײַגט א ווײַלע.—איכ בינ דערפאר ניט קײַנ ערגערער כאַווער פונ דיר. און די פארשלומפערטע גערדא ארבעט אויכ ניט מער פונ מיר, זי טוט אפילע ניט די העלפט, וואָס איכ, כאָטש זי פוצט זיכ אינ שלומפער... איכ פארשטיי ניט איבערהויפט, וואָס דאָס האָט צו טאָנ מיט פארטיי־ארבעט.

מער האָט זי ניט געזאָגט גאָרנישט.

דאָרט אינ רעכטנ ווינקל, צווישנ פארדעקטנ קאסטנ און טיש מיט די דרײַ פיס, האָט זיכ געפאָרעט די מוטער, פאמעלעכ, שטיל, מיטנ רוקנ צו דער שטוב. זי האָט אָפּגעזײַט דעם טאָפּ קארטאָפל.

פאטיצקא האָט פלוצים געזאָגט, ניט אופהייבנדיק דעם קאָפּ פונ דער צײַטונג:

— אז עריכ בירקנער איז אויכ טויט, ווייסטו שוינ?

די מוטער האָט זיכ אויסגעדרייט מיטנ פּאָנעם צו דער שטוב. דאָרט פונ ווינקל האָט זי אהערגעקוקט צו די צוויי אפ דער קאנאפע, און פאוואָליע זיכ צוגעשארט צו זיי מיט שלעפנדיקע פיס. זיכ אָפּגעשטעלט און די הענט פארלייגט איבער דער ברוסט.

— קינדער, ווענ וועט דאָס שוינ אמאָל אופהערנ?

— וואָס, מוטער?—האָט טילי געפרעגט.

די מוטער האָט געזאָגט:

— דאָס מיט דעם מאָרדנ, מיט דעם הונגערנ, מיט דער ארבעטלאָזיקײַט?

טילי האָט איר געקוקט אינ פּאָנעם ארײַנ. זי האָט געמיינט, די אלטע וויל פרעגנ וועגנ זייערע שטענדיקע קריגערײַענ. און זי פרעגט גאָר—קוק אָנ א פּאַנעם... אזעלכע טרוקענע הארטע אויגנ. נאָר ווי צוויי פארבלאָזטע שטיינדלעכ. וואָס אסאכ הענט האָבנ מיט זיי שוינ ארומגעוואָרפנ. און די באקנ, ברייטע ביינער מיט אײַנגעפאלענע געלע הויטנ. טילי וווּנדערט זיכ: דער רוקנ פונ דער מוטער זעט אויס ווי א ברייטער צעבויגענער קאסטנ, איבערגעדעקט מיט א שמאטע, גאָרניט קיינ מענטש, דאכט זיכ,—און דאָס פּאַגעם מיט די אויגנ איז דאווקע אזוי שרײַענדיק...

— עס וועט אופהערנ, מוטער,—זאָגט טילי,—עס וועט באלד אופהערנ, מוטער.

— יאָ, אָבער ווענ?—פרעגט די מוטער.

איר קאָל איז אזא שטילס—נאָר טילין דאכט זיך, אז דאָס קאָל שרײַט.

די מוטער הייבט נאָכאמאָל אוף אירע טרוקענע הארטע אויגן. לאָזט אראָפּ פון דער ברוסט די פארלייגטע הענט, און פאמעלעך שארט זי זיך אוועק מיט שלעפנדיקע פיס.

טילי קוקט איר נאָך, זי זאָגט צו פאטיצקא:

— פון עריכס טויט האָב איך געהערט נאָך אין ארעסט. ארעסטירט געוואָרן א כאווערטע, ניט פון אונדזער באצירק, האָט זי עס מיר דערציילט. און ווו ליגט ער?

פאטיצקא האָט ארײַנגעלייגט די צײַטונג אין קעשענע, זיך אויסגעדרייט צו טילין און איר אלץ דערציילט.

די מוטער רופט:

— נו? די קארטאָפל שטייען שוין גרייט אפן טיש.

זי שטייט דאָרט, לעבן פענצטער, געבויגן און פארזאָרגט, ווי די דרײַ צעבויגענע בענקלעך ארום טישל.

פאטיצקא שטייט אוף, גייט צום טיש, זעצט זיך אפ א צעבויגן בענקל. דאָס בענקל סקריפּעט א לאנגע ווײַלע. די מוטער שטייט נאָך, קוקט צו טילי.

— נו? פארוואָס קומסטו ניט צום טיש?

— איך האָב דאָך שוין געגעסן,—זאָגט טילי.

פאטיצקא האלט די לעפל אין דער האנט, גיט א וואָרטשע:

— קום שוין? מאך ניט אזעלכע דריידלעך.

ווי א פלוצימדיק לײַכט ווינטל שפרינגט טילי אוף און פליט צו צום טישל. באלד זיצן ארום אלע דרײַ און עסן שווײַגנדיק.

אינמיטן עסן עפנט זיך די טיר, און א קליינער דארער מאן שטייט אין שטוב. ער נעמט אראָפּ דעם ווייכן קאפעלוש, פאמעלעך, מיט דער רעכטער האנט, און מיט דער לינקער האנט ווישט ער איבערן שטערן. דערנאָך הייבט ער אוף דאָס דארע פּאָנעם, שמאָלע אויגן קוקן ארויס דערשראָקן פון הינטער דינע, בלאסע הײַטלעך. זיי קוקן צום טישל, צו די דרײַ מענטשן. ער זאָגט:

— א גוטן אפעטיט ווינטש איך.

קיינער ענטפערט אים ניט.

ער זאָגט ווידער:

— אך, עס איז הײַנט הייס...

און ווישט מיט דער לינקער האנט איבערן שטערן, צוויי מאָל, פּאוואָליע, קוקט דערנאָך ווידער צום טישל, צו די דרײַ מענטשן.

פּאוואָליע איז די מוטער אופגעשטאנען, צו אים צוגעגאנגען, געזאָגט גאָר שטיל:

— הײַנט ניט. איך קאָן הײַנט ניט...

דאָס דארע מענטשל האָט זיך אויסגעצויגן, פלוצים געוואָרן העכער און ברייטער, ער האָט א פּאָך געטאָן מיטן ברייטן קאפעלוש אין דער רעכטער האנט:

— וואָס מיינט איר? איך וועל לויפן נאָך דער איינער מארק א גאנצע וואָך, יעדן טאָג?

די מוטער האָט געשוויגן. פאטיצקא האָט ארײַנגעוואָרטשעט אין טעלער:

— לויפט ניט. קומט ניט. בלײַבט בא זיך אינדערהיים.

— איר שרײַט ניט אפ מיר,—האָט דאָס מענטשל געענטפערט שטיל, אָבער מיט ווערדע,—אפ מיר שרײַט מען ניט.

— אָבער, אז עס איז ניטאָ? אז מיר האָבנ הײַנט ניט,—האָט די מוטער זיכ געבעטנ.— די אנדערע װאָכ, באשטימט, קומט די אנדערע װאָכ.

זי האָט זיכ צוגעשארט צום טישל, זיכ אנידערגעזעצט אפנ סקריפענדיקנ בענקל.

דער דארער מענטש בא דער טיר האָט ארופגעלײגט דעם װײכנ קאפעלוש אפנ קאָפ. עטלעכע שיטערע פארשװיצטע האָר זײַנענ געבליבנ קלעפנ אפ זײַנ שטערנ. אונ די בלאסע הײַטלעכ האָבנ זיכ אראָפגעלאָזט איבער די שמאָלע אויגנ. ער האָט דאָרט אויסגעזענ פונ־דערװײַטנס װי אנ אָפגעמוטשעט געבעכדיק פערדל. ער האָט געזאָגט פאמעלעכ, געציילט די װערטער:

— איר האָט ניט באדארפט קויפנ די װעש. אזעלכע װי איר טאָרנ ניט קויפנ קײנ סכוירעס אפ אָפצאָל. װײַל באם אָפצאָל־ייִד איז אלצדינג טײַערער מיט צװיי הונדערט אונ מיט דרײַ הונדערט פראָצענט.

טילי האָט אים געפרעגט:

— װיאזוי רעדט איר אפנ ייִד? איר זײַט דאָכ אלײנ א ייִד?

דער דארער מענטש האָט א קלײנעם שמייכל געטאָנ:

— איכ א ייִד אונ יענער א ייִד, איז ניט דאָס זעלבע. איכ לויפ מיר אָפ די פיס אי־בער אלע גאסנ, אפנ פינפטנ אונ אפנ זעקסטנ שטאָק, ארופ אונ אראָפ, אונ פארדינ צװיי אמאָל דרײַ מארק א טאָג... ניינ, צװיי ייִדנ זײַנענ ניט אײנ ייִד.

ער איז שטיל ארויסגעגאנגענ.

די מוטער איז אופגעשטאנענ, זי האָט זיכ אָפגעװישט דאָס מויל, געזאָגט:

— ער איז דענ ניט גערעכט, דער אָרעמער טײַװל? גענומענ די װעש מיט צװיי הונ־דערט פראָצענט טײַערער, צװיי יאָר װעט זײַנ צו צאָלנ, אונ ערשט הײַנט אװעקגעטראָגנ די װעש אינ לאָמבארד.

זי האָט צוגענומענ די טעלער פונ טיש. אינ שטוב האָט געגריזשעט די שטילקײַט. דערנאָכ האָט פאטיצקא געפרעגט טילינ:

— װאָס װעט מענ זאָגנ בא דיר אינ ביוראָ, אז דו פעלסט שוינ פיר טעג? טילי האָט געענטפערט:

— גאָרנישט װעט מענ זאָגנ. װענ איכ פעל אויס אמאָל, ארבעט איכ אָפ דערנאָכ.— זי דערמאָנט זיכ.—ריכטיק! אונ װענ האָבנ זיי דיכ ארויסגעלאָזט פונ ארעסט?

פאטיצקא איז אופגעשטאנענ.

— מיר מוזנ גײנ! מיכ האָבנ זיי ארויסגעלאָזט נאָכ אינ דערזעלבער נאכט דעמלט.

טילי האָט זיכ געשטרעקט, הויכ געאָטעמט, דאָס בענקל האָט געסקריפעט.

— װער גרייט צו דאָס באגרעבעניש?

— דער קאמפבונד.

— אונ די יוגנט?

— צוזאמענ מיטנ קאמפבונד. קומ שוינ!

ער איז געשטאנענ לעבנ דער טיר. זי האָט זיכ נאָכאמאָל געשטרעקט אונ איז אופ־געשפרונגענ. געזעגנ דער מוטער די האנט, ארויסגעגאנגענ מיט פאטיצקא.

זיי זײַנענ געגאנגענ שנעל, זיכ געאײַלט.

באם קאמפבונד איז שוינ געװענ שטארק לעבעדיק. די ערשטע שטוב אונ די צװייטע שטוב זײַנענ געװענ פול מיט מענטשנ. מאקס גיזלער שטייט פאָרנט, ניט װײַט פונ דער

שיר, קאָמאַנדירט. באַלד א כאַפּ געטאָן פּאַטיצקאַ און אים אָוועקגעשיקט ערגעץ־ווו. טילי האָט זיך אויסגעמישט צווישן די אַרבעטער. איינער האָט געזאָגט:

— זעט אָקאָרשט! אונדזער טיליכען איז שוין אַרויס פון קיטקע...

---

די סיקינגענשטראַסע איז גרויס, לאַנג און ברייט. דאָ שטייען שוין פּאָליציי־אויטאָמאָבילן, פּאַנצער־אויטאָס, רײַטנדיקע פּאָליציי—הונדערטער, טויזנטער שופּאָס, א גאַנצע אַרמיי. דאָ שטייען שוין אויך די אַרבעטער פון די אַנדערע באַצירקן, שטייען פּלײצע הינטער פּלײצע אַפּ ביידע זײַטן גאַס. אינדערמיט מאַרשירט דער באַצירק מאָאַביט, ראָסטאָקער געגנט, שווײַגנדיק פּאַרשירט דער באַצירק מאָאַביט. שווײַגנדיק און צונויפגערוקט שטייען די אַנדערע באַצירקן אַפּ ביידע זײַטן איבער דער גאַנצער לענג גאַס. עס שטייען דאָ די וועדינגער און די אַנדערע גרופּעס פון נאָרד, פון פּאַנקאָוו, פון ווײַסנזעע, עס שטייען דאָ די נויקעלנער, דער צענטרום, די שענעבערגער, די שאַרלאָטנבורגער. ווי אויפגעשטעלטע אַרמייען צום קאַמף, ריי און ריי, מיט זייערע פאָנען און שטאַנדאַרטן, שטייען זיי דאָ די הונדערט טויזנט אויסגעמאָגערטע, אויסגעטריקנטע שטאָלענע מענטשן. פרויען זעט מען ווייניק. יוגנט אַסאַך. און מיטליאָריקע אַרבעטער, וואָכעדיק אָנגעטאָן, אויסגעריבענע, געלאַטעטע שטאָפן, און גרויע הויזן, בלויע רעקלעך, זיי זײַנען געקומען פון דער אַרבעט. עס שטייען דאָ אַסאַך גרופּעס פון פאַרשיידענע פאַבריקן, מיט ווײַסע טאָוולען, שוואַרצע שריפט. עס שטייען גרופּעס אַרבעטלאָזע, די אַרמייען מיט דער פויסט.

— זײַנען שוין אַלע דאָ?—פרעגט פראַנץ קסאַנטאָפּ.

קעיטע ווײַזט מיט דער האַנט אין די זײַטיקע גאַסן.

— דאָרט שטייען זיי אויך.

די זײַטיקע גאַסן זײַנען פול מיט אַרבעטער. דער סיקינגען־פּלאַץ איז שוואַרץ פון מענטשן.

די מאָאַביטער שטעלן זיך אָפּ.

קעיטע זאָגט:

— איצט וועט מען אַרויסטראָגן די טויטע.

פראַנץ קסאַנטאָפּ פרעגט זי, צי זי האָט זיי געקענט.

קעיטע זיפצט.

— צי איך האָב זיי געקענט...

— זײַנען זיי געווען קאָמוניסטן?—פרעגט פראַנץ קסאַנטאָפּ.

קעיטע האָט זיך פאַרטראַכט. שאָקלט מיטן קאָפּ. דערנאָך פרעגט זי אים:

— און פאַרוואָס ווערסטו ניט קיין קאָמוניסט? נאָך ניט קיין צײַט פאַר דיר?

— אַך,—ענטפערט ער,—מיר זײַנען אַלע קאָמוניסטן.

זי קוקט אים אָן מיט א לײַכט איראָניש שמייכעלע צווישן די פאַרמאַכטע ליפּן.

— דאָס זאָגסטו דיר אַזוי לײַכט... און ווייסטו? אַלע זאָגן דאָס, די נאַראָנים.

פראַנץ קסאַנטאָפּ, אין א צעריסן רעקל אַפּ די ברייטע פּלייצעס (געפּלאַצט אין דער מיטלסטער נאָט און אונטער די פּאַכוועס), מיט א קליינטשיק גרין־פאַרוויאַנעט היטעלע אַפּן גרויסן קאָפּ (עס האָט אויסגעזען ווי א פאַרשימלטער שוואָם אַפּ אן אָפּגעהאַקטן בוים),—הויך ווי ער איז געווען, האָט ער ניט אויפגעהערט צו קוקן אין אַלע זײַטן, ווי א וועכטער אַפּ א טורעם.

— די אַנדערע באַצירקן רייען זיך אײַן,—טוט ער צו וויסן.

— חעדינג שטייט שוין. הינטערן צענטרום שטייט חעדינג.

— נויקעלן זע איך ניט... אָבער דאָרט וועט „ער“ זײַן.

— יאָ, דאָס איז „ער“. דאָס איז נויקעלן. א לאנגע קאָלאָנע. ווי עס פאסט פאר דער נויקעלנער באנדע.

— און וווּ זײַנען די שארלאָטנבורגער? די וואלשטראסע-כעווררע, וווּ געפינען זיך?

—דאָרט זע איך זיי שוין. דאָרט שטייען זיי, די יונגעג!

ער האָט אויסגעשטרעקט א האנט, לאנג ווי א וועסלע. זי האָט זיך געשטרעקט איבער קעפּ פון די ארומיקע ארבעטער און געוויזן: „דאָרט“!

— יאָ, דו ביסט הויך,—זאָגט קעיטע,—דו קאָנסט ווײַט קוקן.

און זי פרעגט אים, צי מע האָט שוין ארויסגעטראָגן די טויטע? ער האָט ניט געז ע־ זאָגט ער.

באלד איז געגאנגען א געמורמל דורך די רייען, ווײַט, פאָרנט האָט מען ארויסגע־ טראָגן די טויטע. איינס נאָך איינס האָבן זיך די היטלען אראָפּגענומען פון די קעפּ. נאָ ווי א ווינט וואָלט זיי אראָפּגעבלאָזן. און די קעפּ האָבן זיך געבויגן, פּאמעלעך, אלץ טיפער אראָפּ. עס איז געוואָרן שטיל, און פון דער שטילקייט האָט זיך ארויסגעהערט צוערשט א קוים געהערט קאָל—עס איז געקומען פון ווײַט, דאָס קאָל, עס איז געקומען פון דער טיפ־ צוערשט לײַכט, דין, שטיל, און איז געגאנגען פון ריי צו ריי, פון מויל צו מויל, און דאָס קאָל איז געוואָרן אלץ העכער. צוזאמען מיט דער ברוסט האָט עס זיך געהויבן, צוזאמען מיטן פלאם אין די אויגן, איבערן פּאָנעם. און ווי א לעבעדיקער רײַסנדיקער שטראָם האָט זיך געטראָגן איבער קעפּ דער געזאנג פון „אינטערנאציאָנאל“. מיט פונקען איבער די נא־ קעטע קעפּ, איבער די אָפּגעשיילטע ווענט פון די הײַזער, ווי א מעכטיקער זינגענ־ דיקער אעראָפּלאן האָט זיך דער „אינטערנאציאָנאל“ געטראָגן ארויף אינדערהויך און זיך צע־ שפּרייט איבער בערלין.

די הונדערט טויזנט מיט דער פויסט האָבן ארופגעקוקט אינדערהויך, נאָכגעקוקט דעם פליִענדיקן געזאנג.

דערנאָך איז ווידער געוואָרן שטיל. די היטלען האָבן זיך אָנגעטאָן אף די קעפּ.

עטלעכע הונדערט מעטער ווײַטער פון דעם אָרט, וווּ קעיטע מיט פראנצן זײַנען געשטאנען, האָט זיך געפונען דער שפּיץ פון דער ריזיקער קאָלאָנע. אין סאמע שפּיץ זײַנען געשטאנען צוויי פאָנענטרעגער. די פאָנען זײַנען געווען אלטע, פון שווערן טונקל־רויטן סאמעט, אויסגעהאפּט אין גאָלד מיט צאקיקע דײַטשישע בוכשטאבן און מיט שווערע גאָל־ דענע טראָלדן ארום די קאנטן. זיי זײַנען געהאנגען אף גראָב־געפלאָכטענע רויטע שנורן, די שנורן זײַנען געווען באפעסטיקט צו די שטאנגען. אין סאמע הויך פון די שטאנגען האָבן געבלישטשעט פײַן אויסגעארבעטע סאָוועט־שטערן פון מעש. פונויבן זײַנען אראָפּגע־ האנגען שווארצע קרעפּ־שלייפן.

באלד הינטער די צוויי ערשטע פאָנען־טרעגער זײַנען געשטאנען מיטגלידער פון צ.ק. פון דער ק.פ.ד., מיטגלידער פון דער אָנפירערשאפט פון אנטיפאשיסטישן קאמפבונד, גלײַך הינטער זיי—די יונגקאָמוניסטן פון דער ראָטפראָנטקעמפער־באנד—דערנאָך אוטאָמאָבילן מיט קרענצ— ווידער דרײַ רייען פאָנען-טרעגער, און—ארומגערינגלט מיט מיטגלידער פון קאמפבונ־ 73—די שווארצע קאסטנס מיט די טויטע, דערנאָך זײַנען געווען אופגעשטעלט די קאמפ־ בונד־דעפוטאציעס פון די פארשיידענע באצירקן. מוזיק־קאפעליעס פון אלע באצירקן—און

די לאַנגע קאָלאָנעס ארבעטער, צו זעקס אינדערברייט, מיט זייערע באַצירק-סאָוועטן, גרופּן-סאָוועטן, פאָנען, שטאַנדאַרטן, טראַנספּאַראַנטן—א יאַם מיט קעפּ און פאָנען.

קוריערן זײַנען געלאָפן. געגעבן מעלדונגען.

די פּויקן האָבן אָנגעהויבן צו ברומען. דער געברום, א טונקל שווערער, א בײַסנדיק בײַזער, האָט זיך צעצייגן, זיך צעטראָגן איבער דער ווײַטער קאָלאָנע ביז העט אראָפּ צום לעצטן מאַן. די ריזיקע מענטשן־קאָלאָנע האָט זיך פּאַמעלעך גערירט.

די צוויי קאַסטנס מיט די טויטע האָבן די טר גער געטראָגן נידעריק, קוים העכער פון דער ערד. יעדן קאַסטן האָבן געטראָגן צוועלף ארבעטער.

אינמיטן געברום פון די שווערע פּויקן האָבן די מוזיק-קאַפּעלעס זיך ארײַנגעשניטן מיט דעם טרויער-מאַרש פון דער רוסישער רעוואָליוציע.

— דו, פראַנצ,—האָט קעטע שטיל געזאָגט,—פאַרוואָס האָסטו פאַרקויפט דעם קליי־נעם קורטי?

פראַנצ האָט אָפּ איר א קוק געטאָן מיט גרויסע פאַרוואונדערטע אויגן, דערנאָך האָט ער אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און איר געענטפערט:

— הערסטו, קעטע, דו ביסט אָבער א מאָדנער מענטש. דעמלט, ווען איך האָב דיר וועגן דעם דערציילט, האָסטו געשוויגן, קיין וואָרט ניט גערעדט, גראָד אצינד האָסטו דיך דערמאָנט? מענטש, דעם יונג האָב איך ניט מער. ווו ער איז ווייס איך ניט. איך וויל מיך ניט דערמאָנען. שלום!

אן ארבעטער הינטער אים האָט אים א קלאַפּ געגעבן אין פּלייצע, ער האָט גייענדיק זיך האַלב אומגעדרייט, יענער האָט איבערגעבראָכן א ציגאַרעטל אָפּ צוויי העלפטן, אים געגעבן איין העלפט.

— דאַנקע, בערט,—האָט פראַנצ קסאַנטאָפּ געזאָגט. ווי האָבן פאַרויכערט.

דאָס פּיצל ציגאַרעטל האָט געגליט צווישן זײַנע גראָבע פאַרטריקנטע ליפּן, ער האָט עס ניט ארויסגענומען פון מויל. שנעל און מיט כיישעק האָט ער אין זיך ארײַנגעצויגן דעם רויך עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד און אויסגעשפּיגן. זײַן ברייטע אָפּגעגאָלטע געמבע האָט זיך געקנייטשט, ווי נאָך א זויערן געשמאַק. די געדיכטע ברעמען האָבן זיך טיף אראָפּגע־לאָזט איבער די גרויסע אויגן (קעטע האָט אָפּ אים געקוקט די גאַנצע צײַט). דאָס גאַנצע פּעכטיקע פּאָנעם זײַנס, מיט די גראָבע קנייטשן, מיט די שווערע ארופגעדרייטע וואָנצעס האָט אויסגעזען, ווי ס'וואָלט געווען אויסגעטעסעט פון שטיין.

די קאָלאָנע האָט איבערגעשניטן א שמאָלן געסל. פון די פענצטער האָבן זיך ארויס־געבויגן מענטשן. ווײַט פאָרנט האָט זיך געהערט דער טונקלער געברום פון די שווערע פּויקן. עטלעכע פּאָליציי־אויטאָמאָבילן זײַנען שנעל פאַרבײַגעפאָרן, די קאָלאָנע איז גע־בליבן שטיין. עפּעס איז דאָרט געשען פאָרנט. די אָרדנער אײַלן פאַרבײַ, רופן צו, מע זאָל זיך פאַרהאַלטן רויִק, ניט לאָזן זיך פון קיינעם פּראָוואָצירן. וואָס פאָרנט איז דער־ווײַל פאָרגעקומען ווייס מען ניט. מע גייט ווײַטער. עס האָט דעמלט צוביסלעך אָנגעהויבן טונקלען אין די גאַסן פון בערלין. איבער די קעפּ האָט זיך געטראָגן דער געזאַנג פון א צענדליק טויזנט.

— דערצייל מיר, פראַנצ, פאַרוואָס האָסטו פאַרקויפט דעם קליינעם קורטי?

קעטע לאָזט ניט אָפּ.

ער שווײַגט, שטרעקט אויס די לאַנגע פיס צום טאַקט פון געזאַנג, הויכט דעם קאָפּ, הויכט די ברוסט, די אויגן קוקן ווײַט איבער קעפּ. דערנאָך דערמאָנט ער זיך:

— װען דו װילסט, װעל איך דיר װעגן עפּעס אנדערש דערציילן, װעגן קורטי קיין װאָרט ניט.

— דערצייל,—זאָגט קעיטע.

פראנצ קסאנטאָפּ האָט אראָפּגעבויגן דעם קאָפּ צו קעיטען, זײַטלעך, אזוי איז ער געגאנגען און דערציילט. דאָס איז געװען פאר צוויי יאָר... דאָס װײַב איז געשטאָרבן. די ארבעטלאָזע אונטערשטיצונג איז אװעק. די ש יקעס פונ אונטערשטיצונג־ביוראָ האָבן אונטערגעטראָגן, אז ער האנדלט. ער האָט פארקויפט אינ די גאסן אביסל אויבס. עס האָט ניט געהאָלפן גאָרנישט... מע האָט געקאָנט פּייגערן. אונטערשטיצונג אװעק. דאָס װײַב טויט. און װער גיט זיך אָפּ מיט די קינדער? ליזל, דרײַצניאָריק דעמלט, בלײַבט אינ שטוב און גיט אכטונג אפ העדװיגן און אָפּ דעם אײניאָריקן קורטלען. און די צוויי רונגען? ניטאָ פאר זיי קיין ארבעט. קיינ פאך האָבן זיי ניט געלערנט, װיאזוי האָבן זיי געקאָנט לערנען א פאך, אז אינ שטוב איז ניטאָ קיין ברויט? זיי האָבן ניט קיין ארבעט. דרייען זיך ארום גאנצע טעג ליידיק אינ גאס. די ליזל גיט אכטונג אפ די צוויי קליינע, קאָכט אמאָל אָפּ א שטיקל נאכט־עסן אויב עס איז דאָ פארװאָס. צו מיטיק האָט ער זיך געשלעפּט מיט אלע דרײַ אינ פאָלקס־קיך. אָבער עס איז געװען װינטער, פאר דער פאָלקס־קיך איז א געדראנג, מע מוז װארטן אינדרויסן, אמאָל א שאָ, אמאָל צוויי. זעצט מען זיך אפ די שטיינער, אפן נאסן שניי, װו ס'לאָזט זיך. אָבער אזא קורטל, אזא פייגעלע, דאָס װערט געפרוירן. יאָ... ניט איינמאָל האָט ער אזוי געקוקט אפן געפרוירן נעזל און געטראכט: אָט שטארבט עס דיר אפ די הענט. דאָס איז געװען א ראכמאָנעס צום צעשפּרונגען װערן... אך, טויפל, הימל, סאקראמענט! ער האָט א װײַטן שפּײַ געטאָן מיט א געברום, אָפּגעװישט דאָס מויל, נו גוט... אינ דער איינציקער קיך האָבן געגעסן מיטיק מער פונ טויזנט מענטשן. ניט איינמאָל איז דאָס עסן געװען פארשימלט. װערעם האָט מען געפונען אינ עסן. קורץ, אינ א שיינעם טאָג, דער קורטל איז קראנק געװאָרן, צי פונ דעם פארשטונקענעם הערינג—פלייש, װאָס מע האָט דעמלט דאָרט אויסגעטיילט, צי פונ קעלט. דער קליינער איז געװען קראנק, געבליבן אינ שטוב. דעמלט האָט זיך ארויסגעשטעלט, אז די דרײַצניאָריקע ליזל פארשװינדט אלע פארנאכט. איז ער איינמאָל איר אזוי נאָכגעגאנגען, געלאָזט דעם קורטל אליין און איר נאָכגעשאטעװעט, װוהינ זי שלעפּט זיך דאָס יעדן פארנאכט. עפּשער א שאָ האָט עס געדויערט, אז ער איז איר אזוי נאָכגעקראָכן, װײַל זי האָט זיך געשלעפּט אזש אינ װײַטן הומבאָלד-היינ, דער קליינער װאָרעם... און דאָרט איז זי ארײַן צװישן די ביימער, צװישן די בלעטערדיקע צװײַגן—און ער איז שטילינקערהייט איר נאָכגעגאנגען. און װאָס האָט ער געזען? דאָרט צװישן די ביימער, צװישן די בלעטערדיקע צװײַגן, דאָרט האָט זיך די דרײַצניאָריקע ליזל, דער װאָרעם, געטראָפן מיט א הער, מיט אזא הערעלע, א קליינס, אנ אלטס, די האָר שוינ גרוי... זאָל מען דאָס גלויבן? דאָס קליינע אלטיטשקע הערעלע מיט דער ליזל. דער װאָרעם, די צוויי זײַנען א געליבטע פּאָרל! יאָ... מע האָט באדארפט זען װיאזוי דאָס אלטיטשקע מענטשל האָט זיך מיט איר דערפרייט, װיאזוי ער האָט זיך מיט איר ארומגעכאפּט, אראָפּגעזעצט זיך אפן גראָז, עס איז געװען װינטער, דאָס גראָז איז געװען נאס, האָט ער זיך אראָפּגעזעצט אפן גראָז און זי גענומען אפן שויס—די אלטע קרישקע! די אלטע געװייליע — — —

ער האָט געשװיגן.

די גאס איז דאָ געװען ברייטער, העלער באלויכטן, די הײַזער־פאסאדן האָבן זיך געשפּיגלט אינ גלאנצ פונ זייערע װיטרינעס. דער גלאנציקער אספאלט האָט דאָ אויסגעזען

ווי לאַקירט. פּאַמעלעך זײַנען אינדערמיט גאַס געפּאָרן די טראַמוויַען און ניט אויפגעהערט צו קלינגען. אַ גאַנצע קייט מיט פּאָליציי האָט דירעגירט דעם פאַרקער בײַ די קווער־גאַסן, איבערגעשניטן די קאָלאָנע, אויפגעהאַלטן דעם צווייטן טייל און פאַרבײַגעלאָזט אַ כמאַרע אויטאָס ווי אַ טשאַטע אויסגעוואַקסענע האַוקענדיקע הינט. ערשט דערנאָך האָט דער צווייטער טייל פון דער קאָלאָנע געקאָנט גיין ווײַטער. ווי אַ גרינ:ר ראָמאַנטישער טײַך האָט אַ קאַפעהויז־גאָרטן געלויכטן מיט זײַנע רויטע און גרינע עלעקטרישע אויגן. דאָס פּובליקום האָט געזויגן פון לאַנגע שטרויעלעך שוימענדיקע לימאָנאַדעס, אויף אַ געהעכערטער טריבונע האָט דזשאַז־מוזיק געצויגן זיסע נעשאָמעדיקע כאַלוימעס, און פאַרפלאָכטענע פּאָרלעך האָט בויגעוודיק זיך געוויגט און זיך אײַנגעליוליעט שטייענדיקערהייט. און פראַנץ קסאַנטאָפּ האָט פּלוצים געשריִען:

— מײַן קליינעם קורטי האָב איך געמוזט פאַרקויפן, ווײַל בײַ מיר איז ער געשטאָרבן פון הונגער!

געוואַנג האָט געשניטן איבער די קעפּ, איבער די באַלויכטענע הײַזער, איבער די בלישטשענדיקע וויטרינעס, זיך אַרײַנגעריסן אין גרינעם ראָמאַנטישן טײַך, וואָס אין קאַפעהויז־גאָרטן, ווי אַ קאַלטער שאַרפער ווינט.

עס איז שטיל געוואָרן. געפּאַנצערטע פּאָליציי־אויטאָמאָבילן האָבן מיט שײַנוואַרפער באַלויכטן די אומענדלעכע לאַנגע קאָלאָנע פון מאַרשירנדיקע, דעמאָנסטרירנדיקע אַרבעטער. איבער די הונדערט טויזנט קעפּ האָבן די רעפלעקטאָרן געוואָרפן זייער ווײַס גליִענדיק ליכט, ווי אַ נאַכטיקע, ניט געזעענע כײַע וואָלט פון זיך אַרויסגעשפּיגן אַזאַ ווײַסן מיל־ליכט שוים... שטיל און פאַרביסן האָבן געטראָטן די הונדערט טויזנט אויפן גלאַנציקן אַספאַלט, וואָס זיי האָבן אין גליִענדיק שוויים געגאָסן, צווישן די העל־באַלויכטענע הײַזער, וואָס זיי האָבן אויפגעבויט צווישן די שפּיגלענדיקע קאַפעס, באַרס, שאַמפּאַניער־לאָקאַלן, וווּ עס ווערט צענטרענצלט אין זאָרגלאָזע הוליאַנקעס זייער שווייסיקע פּראַצע. אין זייערע פויסטן האָבן זיי אײַנגעהאַלטן דעם געשריי, וואָס האָט געבריט זייערע טריט.

די קאָלאָנע האָט פאַרקערעוועט אין אַ זײַטיקער גאַס. דאָס ווײַס־גליִענדיקע ליכט פון די שײַנוואַרפער האָט זיך פון ביידע זײַטן צוגלײַך צוריק־געצויגן ווי די נאַכטיקע, ניט געזעענע כײַע וואָלט איר אַרויסגעשפּיגענעם שוים צוריק אַרײַנגעשלונגען אין טונקעלן מויל.

פראַנץ קסאַנטאָפּ האָט זיך דערמאָנט:

— צוערשט האָב איך אַזוי שטיל צוגעקוקט, דאָרט צווישן די נאַסע בלעטערדיקע צווײַגן, אָבער ניט לאַנג, דערנאָך בין איך צוגעשפּרונגען, אָנגעכאַפּט די אַלטע קרישקע פאַרן קאָלנער, ניט אָפּגעלאָזט. ליזל, דער קליינער וואָרעם, האָט זיך דערשראָקן, איז שנעל אַנטלאָפן. אַ קינד, האָב איך געטראַכט, וואָס איז דען שולדיק אַזאַ קינד? אָבער דו, דו אַלטע נעווילע, דו פאַרשימלטע קרישקע, פאַרוואָס פאַרפירסטו אַזאַ קינד? איך זאָג דיר, קעיטע, ער האָט געציטערט אין מײַן האַנט ווי אַ פיש. ווער איך בין, האָט ער מיך געפרעגט, וואָס איך וויל? וואָס איך וויל!? נאַדיר! וואָס איך וויל! און איינס אין פּיסק... ער האָט געשריִען. שרײַ ניט, זאָג איך, ווײַל איך שלעפּ פון דיר אַראָפּ דײַן פאַרשטונקענע הויט. און וואָס מיינסטע, קעיטע? איך האָב אַלץ אַרויסבאַקומען — אַלץ. די אַלטע קרישקע פלעגט דער ליזלען יעדעס מאָל געבן צוואַנציק, אַמאָל דרײַסיק פעניק... איך האָב געשלאָגן. דאָס בלוט איז אַרײַן אין קאָפּ און די הענט האָבן געלייגט וויפל זיי האָבן געקאָנט, ווו זיי האָבן געטראָפן. ער האָט געשריִען, דער הונט, ווי אַ געשאָכטענער כאַזער. איך האָב

געלייגט און ער האָט געקוויטשעט. פּאָליציי איז געקומען. גוט, האָב איך געזאָגט, גוט, וואָס פּאָליציי קומט. אָבער ווייסטע, קעיטע, איך שעם מיך, זיי האָבן מיך ארעסטירט און יט אים...

ער איז ווידער שטיל געוואָרן.

הילכיקע לאָזונגען האָבן זיך איבערגערופן, זיך אויסגעמישט מיט שטורמישן רעוואָ־ליוציאָנערן געזאַנג.

— גוט... — האָט פראַנץ קסאַנטאָפּ ווידער אָנגעהויבן.— צוויי כאָדאָשים זיץ איך אין קרימינאַל. פאַר שטערן די עפּנטלעכע רו, האָט עס געהייסן, האָסט פאַרשטאַנען, קעיטע? איך האָב געשטערט די עפּנטלעכע רו פון דער אַלטער פאַרשימלטער קרישקע.. און צוויי כאָדאָשים, שטעל דיר פאָר, קעיטע. אָבער ווען ניט קורטי און די אַנדערע קינדער, וואָלט איך געווען צופרידן. א שטיק ברויט האָסטו, א יוכקע, א געלעגער בעסע־ווי אין דער אייגענער שטוב, און האָסט ניט קיין זאָרגן, שלאָפסט רויִק, וואַנצן פּלאָגן דיך וויניקער ווי אינדערהיים, אַלזאָ, גוט, דערנאָך ביסטו פריי, נאָך צוויי כאָדאָשים. איך קום אַהיים, קורטי איז ניטאָ. ווּ איז ער? באַם יוגנט־אַמט איז ער, אין קינדער־פאַרזאָרגונג-הויז. זאָל ער דאָרט בלייבן, טראַכט איך, ער וועט דאָרט האָבן בעסער ווי בא מיר. אָבער ניין, דאָס געזעץ זאָגט, ווען איך בין אַרויס פון קרימינאַל, מוז איך ווידער אַליין זאָרגן פאַר מיין קינד. וויאַזוי זאָל איך זאָרגן, מיט וואָס קאָן איך זאָרגן? דאָס געזעץ שווייגט. וועגן אַזעלכע זאַכן רעדט ניט דאָס געזעץ. סאַקראַמענט, טויפל!

שטיל האָט אים קעיטע געפרעגט:

— וואָס איז מיט דיר, פראַנץ?

אומדייטלעך זעט זי זיין פּאָנעם. די גראָבע טיפע קנייטשן זיינען פאַרווישט, דאָס גאַנצע פּאָנעם זיינס זעט איצט אויס ווי א גרויסע לעבלאָזע מאַסע...

— גאָרנישט...—הערט זי פון דער לעבלאָזער מאַסע.—א כאָליערע ליגט אונטערן האַרץ, אַמאָל קריכט זי אַרויס, אַמאָל ליגט זי שטיל באַהאַלטן. ווייסטע, קעיטע, פאַר דיר שטייט דיין קינד, דו ווייסט, עס איז הונגעריק, עסן האָסטו ניט פאַר זיינטוועגן. ווייסטע, קעיטע, קאָנסט דערמאָנט דאָס קינד אַזאַ נעם געבן בא די פּיסלעך א־נ מיטן קעפּל צו דער וואַנט... איך שווער דיר, קעיטע, איינמאָל, צוויי מאָל מיט דעם קעפּל צו דער וואַנט, אַז דער ווייכער מאַרך שפּריצט אין אַלע עקן...

און שלום, מער האָט ער שוין ניט גערעדט קיין וואָרט. ניט איצט, ניט שפּעטער, דעם נאָמען קורטי האָט ער ניט געוואָלט הערן.

די קאָלאָנע בלייבט שטיין. שטייט. פּאָליציי־אויטאָמאָבילן יאָגן, וואָס איז? מע שטייט אין דער געריכט-שטראַסע—נעטלבעק-פּלאַץ. אַרבעטער־באַצירק וועדינג.

א פּאָליציי־אויטאָ פאָרט פאַרביי מיט אַרעסטירטע אַרבעטער, צען, צוואַנציק. נאָך א פּאָליציי־אויטאָ מיט אַרבעטער, זיי זינגען אָפן אויטאָ. די פּאָליציי שלאָגט, די קאָלאָנע מאַרשירט.

עס גייט א מאַן, א ריז,
ער שרעקט זיך ניט פאַר שרויט,
ער האָט שוין שטורעמען גרויסע
אַסאַך איבערגעלעבט.

פראנץ קסאנטאָפּ קאָן שוין דאָס ליד. ער זינגט. קעיטע זינגט. די גאנצע קאָלאָנע זינגט. פראנץ קסאנטאָפּ הייבט די פיס, געזונטע פיס. ער זינגט:

עס גייט א מאַן, א ריז,
ער שרעקט זיך ניט פאר שרויט.
ער האָט שוין שטורמען גרויסע
אסאך איבערגעלעבט.

— אופהערן!
שרײַט די פּאָליציי.
— אופהערן!
פראנץ קסאנטאָפּ זינגט;
— פראנץ, הער אופ!
ער זינגט, זינגט, זינגט װײַטער...

אין דעם זעלבן מאָמענט זײַנען די רייען צעטריבן געוואָרן, ווי א ווירבל-ווינט וואָלט זיי צעבלאָזן. מע האָט ניט קיין צײַט געהאט זיך אומצוקוקן פונוואנען דער שטורם איז געקומען, און דער ווירבל-ווינט האָט געברויזט צווישן די רייען... דאָס אויג האָט נאָר געזען, ווי מענטשן פליִען, רײַסן זיך אין אלע זײַטן, אײַנגעבויגן, ווי א האָגל וואָלט געקלאפט איבער דער פלייצע, ווארפנדיק מיט די הענט, ווי אפּ ארויסצורײַסן זיך פון די ווילדע כוואליעס, איז יעדער געלאָפן, איז איינער ארײַנגעלאָפן אין צווייטן, זיך איבערגעשלאָגן, אומגעפאלן, אופגעשפרונגען און ווײַטער געלאָפן... אזוי האָט אויך קעיטע בעיאָגט וווּהין די אויגן האָבן זי געטראָגן, כאָטש עמעצער האָט זי געהאמעוועט, עמעצער האָט זי צוריקגעהאלטן, געשלעפּט אין א פארקערטער זײַט וווּהין זי האָט געוואָלט לויפן. אין געלויף האָט זי די מענטשן קיַאט ניט געזען, נאָר געזען שווערע, קײַלעכיקע שטיקער טראָגן זיך אין ווינט, קײַקלען זיך אפּ דער ערד, פאר אירע פארמאכטע אויגן האָט עס געשווינדלט, אין אירע אויערן האָט געציטערט און געפײַפט דאָס קנאלן פון דינע גאָענטע שאָסן, עס האָט זיך איר אויסגעדאכט, אז זי ווערט נאס, אז איר קלייד ווערט אלץ מער דורכגעווייקט און קלעפּט זיך צום לײַב. עס איז איר געווען, ווי עמעצער וואָלט זי געטראָגן, מיט איר געלאָפן, געשווומען — — — און ווען זי איז געבליבן שטיין אפּ אן אָרט, האָט זי ערשט אופגעריסן די אויגן ווי נאָך א פארטשאדעטן כאָלעם. אונטער אירע שלייפן האָט עס נאָך סומנע געסמאליעס, די פארשיידענע נערוישן פון אָפּגעקומענעם טעאד האָבן נאָך טונקל געקלונגען ארום אירע אויערן, און אפילע אין מויל האָט זי געפילט א מאָרנעם ביטערן געשמאק. באלד האָבן די געשעענישן אָנגעהויבן ווערן דײַטלעכער, די איינציקע בילדער—אָפּגעטיילטער און פינקטלעכער—עס איז שוין ניט געווען קיין פּאָשעטע לויפערײַ. נאָר א קאמפּ. זי האָט איצט דײַטלעך געהערט: „אזעלכע הינט!“ זי האָט געזען: פראנץ קסאנטאָפּ שטייט לעבן איר. זי האָט צו אים ארופגעקוקט. „אזעלכע הינט!“ האָט ער נאָכאמאָל געזאָגט, און ער האָט זי געפרעגט:

— ביסט שטארק נאס געוואָרן?

זי האָט ארומגעטאפּט די קליידער, זיי זײַנען געווען דורכגעווייקט נאס. די האָר זײַנען געווען צעשויבערט און נאס, דאָס ווײַס-געשטריקטע היטעלע האָט זי פארלוירן. זי האָט אָפּגעווישט דעם קאלטן שווייס פון פּאָנעם. געזאָגט:

— אָבער דאָס איז אזוי שנעל צוגעגאנגען, אז איך האָב גאָרנישט געזען אפילע פאר די אויגן!

— יאָ, אוואדע, — האָט פראנצ קסאנטאָפ געזאָגט, — איידער מע האָט זיכ אומגעקוקט האָבנ זיי שוינ געטריבנ מיט וואסער אונ געשאָסנ. עס איז געווענ א ווילדע טרײַבערײַ.

די זײַטיקע גאסנ ווײַט אונ ברייט זײַנען געווענ פול מיט מענטשנ, מיט ארבעטער, די פאָליציי האָט ניט אופגעהערט צו טרײַבנ, א פרוי האָט געשריִענ: „די וואסער־שפריצנ האָבנ זיי געפירט מיט זיכ איבערנ גאנצנ וועג, די הינט!" פראנצ קסאנטאָפ האָט געזאָגט:

— קום, קעיטע, זיי טרײַבנ.



טילי מיט פאטיצקא האָבנ דערנאָכ ארומגעבלאָנדזשעט אינ די זײַטיקע גאסנ, צוזאמענ מיט אנדערע טויזנטער ארבעטער. זיכ ארומגעשלאָגנ מיט דער פאָליציי. צום סאָפ צוזאמענ מיט א גרופע ארבעטער פונ זייער געגנט אהיימגעגאנגענ. זיי זײַנענ געווענ אכט מענטשנ. ווענ זיי זײַנענ פארבײַגעגאנגענ די קוויצאָוו־שטראסע, האָבנ זיי געזענ לויפנ עטלעכע אונִיפאָרמירטע נאצים, דאָס איז זיי באלד אופגעפאלנ. זיי האָבנ נאָכגעקוקט וווהינ די נאצים לויפנ, אָבער זיי זײַנענ שנעל פארשווונדנ געוואָרנ פונ זייערע אויגנ. אפנ אוניִאָנ־פלאצ איז געפאלנ א שאָס. אונ קוים האָבנ זיכ די אכט ארבעטער אומגעקוקט, זײַנענ ווידער געפאלנ זעקס שאָסנ איינער נאָכנ אנדערנ. די ארבעטער האָבנ זיכ צוערשט געוואָרפנ אפנ טראָטואר — אָבער אינ דער זעלבער רעגע זײַנענ ארויסגעשפרונגענ פונ זייערע באהעלטענישנ אינ קליינעם פארק ארום פופציק ביז זעכציק נאצים אונ געשטורעמט אפ די ארבעטער. זעענדיק די גרויסע איבערצאָל פונ קעגנער, האָבנ די ארבעטער געהויבנ פיס. פאטיצקא איז אופגעשפרונגענ פונ טראָטואר אונ געבליבנ שטיינ (עפשער האָט ער שוינ קיינ צײַט ניט געהאט צו אנטלויפנ?). ווענ ער האָט שוינ געהאט א מעסער אינ רוקנ, האָט ער קעגנ דער גרויסער צאָל נאצים נאָכ געקעמפט. דער קאמפ האָט געדויערט סעקונדנ, מער ניט. א מעסער האָט אופגעשניטנ פאטיצקאס האלדז, א מעסער איז אים ארײַנ אינ בויכ. ער איז אומגעפאלנ. די מערדער זײַנענ אנטלאָפנ.

טילי מיט נאָכ צוויי כאַווײרים זײַנענ צוריקגעקומענ אפנ אוניִאָנ־פלאצ — פאטיצקא איז געלעגנ אויסגעשטרעקט אינ זײַנ בלוט. ער האָט קוים נאָכ געאָטעמט. זײַנ פאָנעם איז געווענ צעשטאָכנ, אינ בויכ האָט נאָכ געשטעקט דאָס מעסער (עפשער האָבנ עס די מערדער ניט מער געקאָנט ארויסשלעפנ?).

טילי איז געשטאנענ לעבנ אים ביז ארויפגעבויגנ, דאָס פאָנעם באהאלטנ אינ די הענט. ווענ דער אמבולאנס־וואָגנ איז געקומענ, האָט ער ניט געוווּסט: לעבט ער נאָכ, צי איז ער שוינ טויט — — —

---

אינ דער זעלבער צײַט איז שטענגל געזעסנ בא זיכ אינ שטוב מיט האנס מילער. די שפעטע נאכט איז ארויפגעהאנגענ פונ טונקל פארשטעלטנ לאָמפ, געקומענ פונ די בעטנ מיט שווערנ שלאָף. די לאנגע שאָטנס איבער די ווענט האָבנ דערציילט פונ די טיפ־באנאכטיקע סוידעס.

האנס מילער האָט אויסגעזענ פינצטער אונ אויסגעמאָגערט. זײַנע אויגנ זײַנענ געווענ טיפ ארײַנגעפאלנ, דער שטערנ צעקנייטשט. ער איז געזעסנ אײַנגעבויגנ איבערנ טיש, דעם קאָפ אינ ביידע הענט. שטענגל איז געזעסנ אנטקעגנ אים אונ פאָרשנדיק ארײַנגעקוקט אינ זײַנ פינצטער פאָנעם.

שטענגל האָט געפּליסטערט, גלײַך ער וואָלט געווען הייזעריק:

— היינריך גלינקע מוז שטאַרבן... ניטאָ וואָס אַרײַנצוטראַכטן.

און אין א מינוט פינף ווידער צוגעגעבן:

— דו, אָדער איך, מוז עס טאָן... פּאַרטיי־באַפעל.

שווער און הייס איז געקומען דער שלאָף פון די בעטן. די שטוב איז געווען פול מיט פענטשלעכע לעבנס און מיט טונקעלער נאַכט. האַנס מילער איז אופגעשטאַנען. אָן א וואָרט צו זאָגן איז ער צוגעגאַנגען צו דער טיר, שטענגל איז אים נאָכגעגאַנגען.

זיי זײַנען אַראָפּגעגאַנגען איבער די טונקעלע טרעפּ. די טריט האָבן אָפּגעקלונגען אינעם פאַרשלאָפענעם הויז האַרט און אומהיימלעך.

אונטן האָט שטענגל אופגעשלאָסן דעם טויער, געגעבן מילערן די האַנט—נאָר מילער האָט דאָס ניט באַמערקט, ער איז אַרויס אַפ דער גאַס. די פרילינגדיקע בלאָע נאַכט האָט געקלונגען דין אין די אויערן. עס איז געווען שטיל.

א בוים האָט זיך געוויזן אַפן ראָג. עס האָט זיך ניט געוויגט קיין איינציק בלעטל אַפן בוים. די בלאָע נאַכט איז געשטאַנען הויך איבער די הײַזער. און אין די הײַזער איז מען געשלאָפן.

האַנס מילער איז ניט געווען שווער, ער איז געווען לײַכט. ער איז געווען דאַר און בויגעוודיק. נאָר דער לײַכטסטער טריט האָט געקלונגען הויך אין דער ליידיקער נאַכט. אַזוי איז נאָך קיינמאָל ניט געווען. אַזוינס האָט האַנס מילער נאָך ניט געפילט קיינמאָל. ער האָט שטענדיק געטראַכט: בערלין רוט ניט אַפילע בײַנאַכט. בערלין וואָרפט זיך, רעוועט שטענדיק—אַזוי האָט זיך האַנס מילערן אויסגעדאַכט.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך אָנגעלענט אָן א וואַנט. מיט דער האַנט האָט ער געריבן איבערן שטערן: ער איז שיקער? שוין אַסאַך מאָל האָט ער מער געטרונקען ווי הײַנט, ער איז ניט שיקער. נאָר דאָס איז דער אוניאָן־פּלאַץ, דאָ, וווּ ער שטייט... ער שטייט אַפן אוניאָן־פּלאַץ.

ער האָט זיך פּאַוואָליע אומגעקוקט, מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, ווי ער וואָלט זיך געשראָקן שאַרפער צו קוקן. זײַנע אויגן זײַנען געגאַנגען פון אָרט צו אָרט מיט לײַכטע פאַמעלעכדיקע טריט. דאָרט צווישן די קוסטעס איז ער פריִער געשטאַנען, צוזאַמען מיט די אַנדערע פון שטורם, פון דאָרטן זײַנען זיי אַלע אַרויסגעשפּרונגען, דאָ אַפ דער אַנטקעגנדיקער גאַס איז ער צו אים צוגעלאָפן, צו דעם הויכן. דאָ האָט ער אין אים אַרײַנגעשטאָכן דאָס מעסער, אין דעם אַרבעטער. ער האָט נאָר געהערט א כליופּ—אַזא שטילן דערשטיקטן כליופּ... און דער מענטש איז אומגעפאַלן.

האַנס האָט אַוועקגעכאַפּט די האַנט פון שטערן. ער האָט זיך אויסגעגלײַכט, אופגעריסן די אויגן ווי נאָך א טשאַד און שנעל געגאַנגען ווײַטער. מיט פעסטע טריט. מיט הויכע קלינגענדיקע טריט. ער איז דאָך ניט קיין קינד! און ער איז ניט שיקער, און ער איז ניט משוגע. נאָך העכער האָט געקלאַפּט זײַן טראָט אַפן פלאַסטער. די נאַכט האָט אופגעהערט צו קלינגען דין. עס האָט געברומט איבערן גאַנצן פּלאַץ. פּלוצים האָט ער זיך ווידער אָפּגעשטעלט, זיך אומגעקוקט. זײַן האַנט האָט זיך ווײַט אויסגעשטרעקט און געוויזן אַפ אַן אָרט—גלײַך עמעצער וואָלט אים אַרײַנגעשריִען אין אויער:

— דאָרט איז עס געשען!

האַנס מילער האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ, אַוועקגעריסן די אויגן פון יענעם אָרט. הויך איבער אים, איבערן גאַנצן אוניאָן־פּלאַץ, איז געשטאַנען די לעוואָנע. זי איז געווען שטאַרק

צעצויגנ און שטארק בלאס. פאמעלעכ איז מילער צוגעגאנגענ צו יענעם אָרט, ווו דער מאָרד איז פוּיִער געשענ. אלײנ האָט ער זיכ דאָרט אָפּגעשטעלט. ער האָט זיכ אראָפּגעבויגנ, מיט א פינגער האָט ער אָנגערירט דעמ בלוט־פלעק. נאָכאמאָל אָנגערירט. ער האָט זיכ אויסגעגלײַכט. שטיל געשעפּטשעט:

— פארוואָס האָב איכ דאָס געטאָנ?

גאָר שטיל—גלײַכ ער וואָלט דאָס עמעצנ געפרעגט אפנ אויער...

ער האָט זיכ אומגעקוקט. פונדערווײַטנס האָט ער געזענ גײנ א פּאָליציי־פּאטרול. ער איז שנעל אװעק פונ אָרט, אװעק פונ פלאצ, מער האָט ער זיכ ניט אָפּגעשטעלט אינערגעצ.

פארנ הויז־טויער האָט ער באגעגנט היינריכ גלינקע. היינריכ האָט אימ אָפּגעשטעלט:

— נאנו? גאָר אזוי שפעט, הער מילער?

האנס מילער האָט ניט געענטפערט, ער האָט אראָפּגעקוקט צו דער ערד. אינ דערזעלבער מינוט האָט אימ אדורכגענומענ א ווילדער צאָרנ, אזוי ווי יענער טעמפער געפיל, וואָס האָט אימ פריִער געמוטשעט בא שטענגלענ אינ שטוב. ער וואָלט בעסער געגאנגענ ווײַטער, ארײַנגעגאנגענ אינ שטוב, געלייגט זיכ שלאָפנ. נאָר היינריכ האָט ניט אָפּגעלאָזט:

— שווער ארײַנצוגײנ אינ שטוב, הער מילער. מיר איז זײער שווער... אָט, זעסטו דיכ אָקאָרשט מיט א פרײַנט, מיט א גוטנ כאווער, אינ א מינוט ארום איז ער שוינ ניטאָ, לעבט שוינ ניט. און דו גײ דיר א־ײַנ אינ שטוב, גלײַכ גאָרנישט. פריִער. קוימ פאר עט־עכע שאָ, איז ער דערשטאָכנ געוואָרנ פונ די נאציס אפ טויט. און צוויי־און־צוואנציק יאָר איז ער אלט געווענ, צוויי־און־צוואנציק. אײנער פונ אונדזערע בעסטע יונגענ.

האנס מילער האָט אופגעהויבנ זײַנע אויגנ פונ דער ערד, ארײַנגעקוקט אינ היינריכנ. היינריכס פּאָנעם איז געווענ צעקנייטשט, שווארצ, ווי א הרודע רויערד. די פארקלעמטע ווערטער האָבנ זיכ פונ דעמ פּאָנעם ארויסגעריסנ סײַ ווענ ער האָט גערעדט, סײַ ווענ ער האָט געשוויגנ.

— קעיטע ווייסט נאָכ ניט דערפונ,—האָט ער געזאָגט.—שטעלט אײַכ פאָר, הער מילער, ווענ זי וועט דאָס געוואָר ווערנ... איר מוזט פארשטײנ, הער מילער, אז בא אונדז קאָמוניסטנ איז דאָס אזוי. די כאווײרימ, וואָס ארבעטנ גוט און אסאכ, זיי ווערנ אײנעמ נאָענט און מע האָט זיי ליב. איר מוזט פארשטײנ, אז גוט ארבעטנ בא אונדז הייסט קעגנ די ארבעט, הייסט ויסנ וויאַזוי צו ארבעטנ. און דאָס איז ניט לײַכט בא אונדז. פאראנ אסאכ פּראָבלעמנ, אסאכ הונדערטער טויזנטער, וואָס זײַנענ גוטע קאָמוניסטנ, אָבער טעאָרעטיש זײַנענ זיי שוואכ. פארגעסט ניט, הער מילער, דע־ מארקסיזמ איז דאָכ ניט אזא ביליקע און לײַכטע סכוירע ווי היטלערס געשעפט. די נאציאָנאל־סאָציאַליסטנ האָבנ דאָכ צו טאָנ מיט די לעכערלעכע באגריפנ. ווייסט דער שווארציאָר! אז מיט די אידיאָטישסטע אָפּנארערײַענ קאָנענ זיי פארפירנ אזויפיל מענטשנ... איכ מיינ פאר אלעמ דעמ פּראָלעטארישנ טייל, וואָס לאָזט זיכ מיטרײַסנ. דער דײַטשישער פּראָלעטאריאט, זאָגט מענ, איז דער פאָרגעשריטנסטער אינ דער וועלט. איכ זאָג, אז דער דײַטשער מענטש איז דער אידיאָטישסטער אינ דער גאנצער וועלט.

מילער האָט שוינ איצט ניט געוואָלט אנטלויפנ פונ היינריכנ. דאָס, וואָס ער האָט איצ דאָ געזאָגט, איז אימ געוואָרנ אינטערעסאנט. מילער האָט נאָר געטראכט וועגנ אײנ זאַכ: צי ווייס שוינ היינריכ, אז זינט עטלעכע טעג איז ער בא די נאציס?...

היינריכ האָט אימ געפרעגט:

— זאָגט, הער מילער, צי בינ איכ ניט גערעכט? איכ רייד דאָכ ניט וועגנ אזעלכע

לומפנ, וואָס לאָזנ זיכ פארקויפנ פאר עטלעכע מארק. איכ רייד פונ פראָלעטנ, וואָס האָבנ זייער מענטשלעכקייט נאָכ ניט אינגאנצנ פארלוירנ. אונ אזעלכע זאָלנ זיכ לאָזנ אָפנאר פונ אזא שארלאטאנ, וואָס הייסט אראָלפ היטלער? אזעלכע זאָלנ זיכ לאָזנ ארומוויקלענ מיט א פינגער, וואָס די נאָז דערפילט אימ אפ א מייל ווייט? זאָגט אליינ, הער מילער, וואָס זיינענ אזעלכע מענטשנ? עפשער ניט קיינ אידיאָטנ אונ לומפנ? וואָס דענ זיינענ זיי? יאָ, זיי זיינענ הונגעריק, דער הונגער האָט זיי צעמישט, ווילד געמאכט. אָבער פאר־וואָס זעענ זיי ניט, וועלכער וועג קאָנ זיי ארויספירנ פונ הונגער? דער היטלער-וועג קאָנ! דאָס ניט. דער היטלער־וועג, וואָס גייט צוזאמענ מיטנ קאפיטאל, קאָנ זיי פירנ נאָכ טיפער אינ דער ערד ארייַנ. דער הונגעריקער קאָנ נאָר געהאָלפנ ווערנ אפנ כעושבנ פינעמ זאטנ, אָבער ווי קאָנ זיכ א מענטש פאָרשטעלנ, אז דער זאטער וועט אימ גאָר אליינ דערצו פארהעלפנ? זאָגט, הער מילער?

אינגאנצנ צעמישט דורכ די שפרינגענדיקע געדאנקענ, האָט ער צוגעשאָקלט אפ יאָ.

— זעט, הער מילער,—האָט היינריכ געזאָגט,—איר זייט ארבעטלאָז שוינ וויפל יאָר? אונ פארוואָס לאָזט איר אייַכ ניט פארפירנ דורכ דער היטלעריסטישער אידיאָטסטווע? פארוואָס? ווייַל איר האָט ניט פארלוירנ דעמ קאָפ. אונ מיינט איר עפשער, הער מילער, אז דער באאמטער, אָדער דער קליינער הענדלער, אויב ער קלאמערט זיכ אָנ היטלערס באוועגונג, האָט ער ניט פארלוירנ דעמ קאָפ? ער האָט פונקט אזוי פארלוירנ דעמ קאָפ ווי דער פראָלעט, וואָס לויפט אריבער צומ פייַנט. היטלער גייט מיטנ גרויס־קאפיטאל, אונ דאָס גרויס-קאפיטאל וועט דעמ קליינעמ הענדלער ניט לאָזנ לעבנ. עס וועט אימ צעקוועטשנ ווי א פייַג. אונ אויכ דעמ באאמטנ וועט דאָס גרויס־קאפיטאל ניט שענקענ קיינ איבעריקנ גראָשנ.

היינריכ האָט געשוויגנ.

די ליידיקע נאכט האָט אופגעכאפט א קייַלעכיק געזאנג פונ א מיידל, א צוויטשערנדיק זאָרגלאָז געזאנג.

האנס מילער האָט שוינ ווידער געוואָלט אריינגיינ אינ שטוב, נאָר היינריכ איז גע־שטאנענ אינ אָפענעמ טויער.

— וואָס איילט איר?—האָט ער אימ געפרעגט.

„וואָס לאָזט ער מיכ ניט גייענ?” האָט מילער געטראכט. „ער האָט זיכ מיר געשטעלט אינ וועג”...

היינריכ האָט געזאָגט:

— איר ארבעט דאָכ ניט. אונ בא מיר שטרייַקט מענ. מיר האָבנ ביידע צייַט, הער מילער... אָבער אונדזער פאטיצקא איז טויט.

דערשראָקנ האָט מילער פלוצימ איבערגעפרעגט:

— ווער איז טויט?

— אונדזער פאטיצקא,—האָט היינריכ געזאָגט,—דער, וועגנ וועלכנ איכ האָב פריִער גערעדט.

האנס מילער האָט צעשפרייט די נאָז, עס איז אימ מיטאמאָל געוואָרנ שווער צו אָטעמענ.

— דאָס איז דער, וואָס איז הייַנט דערשטאָכנ געוואָרנ פונ די נאצי-מערדער אפנ אוניאָנ-פלאצ, פאטיצקא האָט ער געהייסנ.

האנס מילער האָט ווידער אראָפגעלאָזט די אויגנ צו דער ערד. דער ווילדער צאָרנ איז אימ נאָכ שטארקער ווי פריִער ארייַנ אינ קאָפ. עס איז אימ געוואָרנ הייס. היינריכ

קוקט פאַרטראַכט אַף האַנס מילערס אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ. שווײַגנדיק שטייען זיי זיך ביידע אַנטקעגן.

פּלוצים האָט היינריך אָנגענומען מילערן מיט ביידע הענט בײַ די אַקסלען:

— הער מילער, איך קום איצט פון דאָרט, פון אוניאָן־פּלאַץ. איך האָב געזען דעם גרויסן בלוט־פלעק, ער איז נאָך פריש. מע האָט דעם בלוט־פלעק נאָך ניט אָפּגעווישט פון די שטיינער, הער מילער. הער מילער! דאָס האָט געטאָן אַ פראָלעט. איין פראָלעט האָט דעם צווייטן דערהאַרגעט. הער מילער! איין פראָלעט דעם צווייטן...

האַנס מילער האָט שטאַרקער געאָטעמט. שווייס איז אים אַרויס אויפן שטערן. היינריכס פּאָנעם איז געווען צעקנייטשט, שוואַרץ ווי אַ גרודע רויערד. פּלוצים האָט זיך מילער אַרײַנגעריסן אינ׳ן אָפענעם טויער.

ווען היינריך איז געבליבן שטיין אַליין אַף דער גאַס, האָט ער נאָך לאַנג ניט פאַרשטאַנען וויאַזוי דאָס אַלץ איז צוגעגאַנגען. ער האָט נאָך לאַנג אַרײַנגעקוקט דורכן אָפענעם טויער, די בייזע טריט האָבן אַראָפּגעקלונגען פון די טונקעלע ווענט———

האַנס מילער איז אַרײַן אין הויף. מיט צוויי לאַנגע שריט איז ער שוין געשטאַנען לעבן אַ ווּטאָ־גאַראַזש. ער האָט בייז געקלאַפּט אַף די עטלעכע צעבראָכענע טרעפּ, וואָס האָבן אַרויפגעפירט אין זײַן שטיבל. די גלאָז־טיר האָט געקרעכצט, זײַן ווײַב האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, זיך אויפגעזעצט אין בעט.

ווי צעבראָכן, ווי פאַרוווּנדעט האָט זיך האַנס אַנידערגעזעצט אַף דער באַנק לעבן קליינעם פענצטער. אין קאָפּ האָט זיך בײַ אים געפּלאָנטערט, געמישט, ער האָט ניט געוווּסט וואָס ער וויל פון אים האָבן.

זײַן ווײַב איז געזעסן אין בעט, צעשויבערט, דערשראָקן. זינט דרײַ טעג האָט זי ניט באַקומען קיין קלעפּ. זינט דרײַ טעג איז האַנס צו איר גוט. יעדן טאָג האָט ער אַהיים געבראַכט עטלעכע מאַרק, ער איז ניט געווען שיקער, ער איז געווען ליב און גוט צו איר. וואָס האָט הײַנט ווידער געטראָפן? זי האָט אָנגעהויבן ציטערן, איבער אירע נאַקעטע הענט האָט זיך געצויגן אַ קאַלטע געבדזשענע הויט.

פּאַמעלעך איז זי אַראָפּגעקראָכן פון בעט, זי איז צו אים צוגעגאַנגען, אַנידערגעזעצט זיך לעבן אים. ער האָט זיך ניט גערירט.

איבערן פענצטער איז געהאַנגען די לעווּאָנע. אַ שטאַרק אויסגעצויגענע, אַ בלאַסע. האַנס מילערס ווײַב איז געווען אַ דאַרע און אויך אַזאַ בלאַסע—זי האָט זיך פאַרטראַכט אין דער לעווּאָנע, אַ פּערטל שאָ, עפּשער אַ האַלבע שאָ, ריידן האָט זי מוירע געהאַט.

ערשט דערנאָך האָט זי געזאָגט שטיל:

— האַנס, גיי דאָך שלאָפן...

און ער האָט דעמלט אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

ציטערנדיק האָט זי געוואָגט אַרומנעמען זײַן האַלדז מיט איר האַנט. ווי אַ קינד האָט ער אויסגעזען, אַזוי ראַכמאָנעסדיק, אַזוי ווײַס איז געווען זײַן פּאָנעם, אַז ער האָט זי אָנגעקוקט מיט זײַנע צעמישטע אויגן, האָט זי ניט ווילנדיק אַוועקגענומען איר האַנט פון זײַן האַלדז. פאַר שרעק האָט זי דאָס געטאָן. און איר האַנט איז געבליבן הענגען פאַרשטאַרט איבער דער שטוב.

— מאַרי,—האָט ער געזאָגט,—מאַרי, ווער בין איך?

— דו? האַנס... דו ביסט מײַן מאַן.

אירע בלאַסע ליפּן האָבן געציטערט,

ער האָט געשמייכלט. ער האָט נאָך מער אויסגעדרייט זײַן קאָפּ צו איר.

— נײַן. מארי... דאָס ווייס איך דאָך, אז איך בין דײַן מאַן, נאָר ווער בין איך אַחוץ דײַן מאַן? ווער בין איך אזוי — איך מײן אלס מענטש? אלס———

זײַנע ליפּן זײַנען געבליבן שטײן אָפן.

זי האָט אָנגעהויבן צו פילן, אז זײַן פראגע איז ניט קיין ווילד-מעשוגענע. נאָר מיט וואָס אזא פראגע קאָן זײַן פארבונדן מיט וועלכן געזעעניש — דאָס האָט זי ניט פארשטאַנען. זי האָט זיך ווידער צוגערוקט נעענטער צו אים און ווידער ארופגעלייגט איר האנט אף זײַן האלדז.

— קום... — האָט זי געשעפּטשעט. — קום שלאָפן, האנס.

ער האָט געזאָגט:

— נײַן, דו פארשטייסט מיך ניט, מארי. נײַן. בא וועלכער פארטיי בין איך איצט?

— בא די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטן, — האָט זי געזאָגט.

— און וואָס פאר א מענטש בין איך דען?

— זי האָט נאָכגעקלערט.

— דו, דו ביסט א נאַציאָנאַל-סאָציאַליסט.

— און אַן ארבעטער בין איך ניט?

— יאָ, דו ביסט אַן ארבעטער.

— בין איך א פּראָלעט?

זי האָט ווידער אביסל לענגער נאָכגעקלערט.

— יאָ... דו ביסט א פּראָלעט.

ער האָט אופגעהערט צו פרעגן, אראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, נאָכגעלאָזט די הענט, און זי האָט אים שוין ניט אָפּגעלאָזט, נאָר ער זאָל גיין שלאָפן. זי האָט אין אים אסאך ארײַנגערעדט, אויסגעזוכטע ווערטער. זי האָט אים פארשאָטן מיט רייד. בא דער האנט האָט זי אים צוגעפירט צום בעט, ווי א קראנקן. זי האָט אים אנידערגעזעצט אפן בעט. לעבן אים אנידערגעקניט, גענומען אופשנירן זײַנע שיך, און מיט יעדן צי פון שוך-בענדל האָט איר הארץ שטארקער געקלאפּט; ער זאָל נאָר ניט ווידער אנדערש ווערן, ווי ער איז שוין געווען אין די לעצטע דרײַ טעג פריִער האָט ער זי יעדן טאָג געשלאָגן, די לעצטע דרײַ טעג ניט... ציטערנדיק האָט זי געשנירעט די בענדלעך פון זײַנע צעשקראבעטע שיך, עס האָט זייער לאנג געדויערט. זי האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ מיט ווייכע אויגן. געפרעגט!

— האנס, וויפל וועלן זיי דיר צאָלן?

עד האָט ניט געענטפערט. ער האָט זי ניט געזען, ניט געהערט צי מע מע רעדט צו אים.

— האָפנטלעך וועט עס לאנג אזוי זײַן... — האָט זי געזאָגט, און אראָפּגעשלעפּט א שוך פון זײַן שטײַפן פוס.

ער האָט איר דערלאנגט א שטויס מיט דער האנט. זי איז אומגעפאלן. ער איז אופגעשטאנען. געשריגן:

— וואָס טוסטו מיך אויס עפּעס די שיך? מיינסט, איך בין שיקער!

זי איז פּאמעלעך אופגעשטאנען, זיך אנידערגעזעצט אפן בעט. און ער איז צוגעגאנגען צום קליינעם פענצטער.

— עס טאָגט שוין, — האָט ער געזאָגט.

אײַזיק פּלאָנגער

# י א ם*)

פאָרט א שנײַדערל אפן יאם
מיט א טרויעריקער מינע,
קײנ אמעריקע מינאסטאם
אפּ א לעבנ צו פארדינענ.

אויספארקויפט די בעבעכעס,
בעכאָצע־כינעם דעם טאנדעס,
קוים מיט צאָרעס, דורכ א נעס,
צונויפגעקלאפּט אפּ א בילעט.

ס׳בושעוועט דער אָקעיונעס,
וויל דעם שנײַדערל פארשלינגענ,
ס׳כאפּט אים אָנ א גרויס ראכמאָנעס,
נעמט ער אוש פונ ווייסעק זינגענ.

זינגט דאָס שנײַדערל א ניגנ,
פונ א נאָדל מיט א שער,
ס׳ווערט דער בייזער יאם אנטשוויגנ,
נאָר אפנ הארצנ בלײַבט אים שווער...

ס׳בלאָזט פונ יאם א שטארקער ווינט,
פלאטערט מיט מײַנ ברודערס באָרד,
שטילער ווינט, מײַנ הויזגעזינט
קײנ אמעריקע דאָ פאָרט...

*
* *

אפנ גרויסנ יאם שווימט אנ אָקרענט,
די וועלנ ווילנ אים פארשלינגענ;
איכ פאָר ניט ווערנ קײנ פּרעזידענט,
ס׳וועט די וועלט מיט מיר ניט קלינגענ...

---

*) פונ „א פּאָעמע וועגנ שנײַדער".

אין אָפענעם יאם איז אריין דער אָ־רענט,
אין בערג־גרוב פון כוואליעס שוימיקע, גרינע,
א פייכטער נעפל פאלט אפ מיינע הענט
און ס'גיט דער ווינט א לאך פון מיין טשופרינע.

ס'רוקט זיך אָן די נאכט פון יעדער זייט,
דער הימל וויגט זיך און ער קערט זיך איבער;
די לעצטע מעווע טוקט זיך אין דער ווייט,
עס ברעכט זיך אופ דער יאם אין טיפע גריבער.

באנאכט, דער יאם ווערט ווילד און שיקער,
און שיקער ווערט דער ערשטער קלאס,
די וואסערן צערייסן זיך אין טויזנט שטיקער,
ס'גיט א ברום די שיף—אן איימעדיקער באס.

נאכט און אָקעאן, ס'איז ווייט די ערד,
די גרינע כוואליעס פאטשן איבער דעק,
ביזן גרונט דער יאם איז אויסגעקערט,
ס'טראָגט דער שטורעם אונדז צום טויט אוועק.

א באל אין ערשטן קלאס, עס שפילט מוזיק,
מ'שפילט אוועק די שרעק, עס פויקט און טאנצט,
דער ווינט שפילט מיט א כויזעק־שטיק,
בילט און פייפט, און לאכט, און פלאצט.

עס ריטשעט די ווייט מיט געזאלצענעם מויל,
דער יאם שלאָגט מיט גאל, מיט גרין און מיט גרויל,
א וואל כאפט די שיף און דערלאנגט זי א טראָג,
פון הינטן דער שטורעם—א וואָרפ זיך, א יאָג.

א כוואלע פארביסן—מיט שוים אפן קארק,
א כוואלע צעריסן—צעשמעטערט א בארג.
עס שליידערט מיט שטיקער צעבראָזגעטן גלאָז,
אן אופריס, א שמעטער, א פליוך און א גאָס.

עס גרילצן קאנאטן מיט גרימיקן וויי,
דער שטורעם פארכלינעט פון אייגן געשריי.
ס'גיט זיך א וואלגער מיט אימפעט דער ווינט,
מיר טאפן מיט אנגסטן די כוישעכניש בלינד.

אָ, לאַנד פון האָפענונג, דו װײַטע װוּנדער־לאַנד,
דײַן נאָמען איבער לענדער איז צעקלונגען אזוי העל;
ביז ס'ווערט מיר טונקל ווי ד.ר יאַם און אומבאַקאַנט,
איך טראָג זיך דורכן שטורעם צו דײַן לאַנג־געגאַרטן שוועל.

די יאַם־לײַט פּיפּקען זיך די פּײַפעס צו דער זעט,
ווער ס'ע זעט א שענק אצינד און ווער זײַן הויז,
ווער עס כאָלעמט איצט א ווײַסע ריינע בעט,
א ווײַב באַם זײַט, א קינדס א בלאָנדן קרויז.

עס בענקט דער מאַטראָס נאָך זײַן געליבטער היים,
דער פישער—נאָך זײַן מיידל, ווען ער וואַרפט די נעץ,
דער פויער—נאָך זײַן פעלד, דער טעפּער—נאָך זײַן ליים,
ס'בענקט א מענטש נאָך פעסטער ערד—פאַראַן אזא געזעץ.

אזא מין נאָגעניש אצינד בא מיר אין לײַב,
א האַרבע לאַסט באַשווערט מײַן יונגן קאָפּ;
איך ווייס דאָך שוין די קראַפט, וואָס טרײַבט,
פאַרוואָס איז אומעטיק א מענטש, ווען זײַן שיף גייט אָפּ?

עס וואַכן איצטער שטעט אַף אַלע זײַטן יאַם,
די מענטשן שלאָפן דאָרט דעם אַלטן שווערן יאָך,
די ברעגעס פלאַקערן, זיי טוקן זיך אין פלאַם,
און ס'קלאָגט דער יאַם מיט שווערן כוואַליע־בראָך.

עס ראַנגלט זיך אצינד מײַן קלאַס,
ווי ס'ראַנגלט זיך די שיף אינמיטן יאַם,
ס'איז עפשער גאָר פון יאַם א בייזער שפּאַס—
פאַרטיליקן די לעצטע שנײַדער פון מײַן שטאַם?..

דער הימל איז אַרום פאַרלייגט—א קופער־רייף,
די ווײַט איז פינצטער און פאַרדעקט מיט טויט פון נאַכט;
ס'שלאָגן זיך געדאַנקען אין מײַן הייסן שלייף,
ווי ס'שלאָגט זיך איצט מײַן קלאַס פאַר לעבן און פאַר מאַכט.

נאָך א שטורעם קומט א זוניקער פאַרטאָג,
כוואַליעס פלעסקענען מיט ווײַסן ווייכן שוים,
דער ווינט איז פריש, ער גיט אזא מין לײַכטן יאָג,
די וואַסער־פלאַך איז ווײַט און וויגט זיך קוים.

ס'קומט ארויס די זון פון יאם, פון סאמע מיט,
דאָס וואסער פלאקערט אוף, א ווײַסער פײַער ברענט,
מײַלן, מײַלן קלײנע וועלן ציטערן צעגליט,
עס ציט די זון א וואסער־שלעפּ פון ליכטיק־בלענד.

ס'איז נאָנט דאָס לאנד, דאָס לאנג־געגארטע לאנד,
ס'רוקט זיך אונטער מיר דער יאם אוועק;
די פרײַהײַט־געטנ מיט א דראָענדיקער האנט,
דער קראנץ ארום איר קאָפּ—שפּיצנ שרעק...

און ס'האָט זיך אײַנגעשטילט דער יאם,
און ס'איז אריבער דער געוויטער;
דער נײַער ברענ—א שטרענגער צאם,
עס האָט מײַנ הארצ געטאָנ א ציטער...

לייזער קאצאָוויטש

# דערציילונגען

## צוליב א וואָרט

ליימע קאָט—א קורץ יידל. א רירעוודיקס ווי קוועקזילבער, מיט א שמאָלן, אויסגעצויגענעם האלדז, האָט ליב ריידן אסאך. ער קען אָפּריידן א קיילעכדיקן מעסלעס, ער זאָל נאָר האָבן מיט וועמען. ער וואָלט נאָך עפּשער פארכאפּט א פּאָר שאָ פון קומענדיקן טאָג...

פון וואנען קומט צו ליימע קאָטן דער קויעך פון ריידן, ווייס מען נאָך אדאיעם ניט. מע זאָגט, אז זיין טאטע איז געווען א מאגיד, אָבער קאָט לייקנט עס אָפּ, ער דערווייזט, אז זיין טאטע איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אפּ א סקלאד פון געהילצ, ווען ניט ווען נאָר פלעגט ער אריינכאפּן א דאווענען באם אָמעד. אויך, זאָגט ער, ניט פון פרומקייט וועגן, נאָר אז א מענטש האָט א שטארקע שׂ׳ים, מוז ער דאָך זי ערגעצוו׳ אויסנוצן.

מע זאָגט אויך אגעוו, אז ליימע קאָט האָט פאר זיין פריזיוו אין דער צארישער ארמיי צען טעג און צען נעכט קימאט ניט געגעסן און קימאט ניט געשלאָפן. ער האָט זיך געמאָרעט. די גאנצע צען מעסלעס צייט האָט ער געהאלטן אין איין ריידן. צום פריזיוו האָט מען אים געבראכט א האלבּ־טויטן.

וועגן דעם האָט ער ליב אָפּט צו דערציילן, ווי וועגן א רעוואָלוציאָנערן טאט. ער ליימע קאָט, איז געווען קעגן קייסער. און ניט נאָר ער, זיין גאנצע מישפּאָכע האָט גרויסע פאַרדינסטן פאר דער רעוואָליוציע. זיינער א פעטער האָט זיך אמאָל אויך געמאָרעט א היפּשע צייט פארן פריזיוו און האָט נאָך געטרונקען שטארקן עסיק דערצו. ער איז, עמעס, אין א קורצער צייט ארום געשטאָרבן, אָבער דינען אין דער צארישער ארמיי איז ער ניט געגאנגען.

— א״וי,—זאָגט מען צו אים—האָט איר נאָך דעמלט פאָרגעזען די רעוואָליוציע.

— געוויס,—ענטפערט ליימע קאָט,—נאָך דעמלט...

דערפאר פילט ער זיך איצטער אזוי פריי, כאָטש זיין ארבעט איז א שווייַגנדיקע—ער איז א רעכענונג־פירער אין אַן אנשטאלט. און כאָטש אין דער צייט פון ארבעט מוז דאָרטן זיין שטיל, טוט ער זיך פונדעסטוועגן דאָס זייניקע, ער רעדט.

פאר זיין לאנגן צונג האָט מען אים שוין איינמאָל אראָפּגענומען פון דער ארבעט. איז ער אוועק צום פארוואלטער אין קאבינעט און האָט ווידער גערעדט:

— איר וועט מיר מיין מויל ניט צומאכן,— האָט ער צווישן אנדערש געזאָגט, געווען? מע לאָזט גאָר א וואָרט ניט אויסריידן... איצט, אין דער צייט, ווען יאפּאָניע שארפט אָפּ אונדז די ציינער און די ענגלישע בורזשואזיע פארגינט אונדז ניט דאָס לעבן... איר האָט מוירע פאר זעלבסטקריטיק, צי וואָס?

ליימע קאָט האָט שטענדיק ליב פארבינדנ געוויינלעכע זאכנ מיט געשעענישנ, וואָס קומענ פאָר אפ דער וועלט־ארענע. ער לייענט אלע טאָג א צײַטונג, אונ שעפּט ארויס אויצרעס נײַס פונ דיפּלאָמאטיע, וויסנשאפט אונ טעכניק.

אפ דער ארבעט האָט מענ אים אופגעשטעלט צוריק. מע האָט אים נאָר אוועקגעזעצט אינ א באווּנדער ווינקל. האָט ער גערעדט פאר זיכ,—ארומגערעדט די גאנצע וועלט: אמעריקע, שטוביקע זאכנ, טראמווײַ, אעראָפּלאנענ, זשאקט, יאפּאָניע, ארטעלנ, צאָפּנ־פּאָליוס...

אינ גאס—אויב נאָר ס׳פארווילט זיכ אים ריידנ, שטעלט ער פלוצלונג אָפּ אנ אומבאקאנטנ מענטשנ אונ פארפירט א געשפּרעכ.

— אנטשולדיקט, קארל מארקס-גאס איז, דאכט זיכ, די קומענדיקע? יאָ? מיר געפינענ זיכ איצט אפ ענגעלס־גאס, ניט עמעס? גרויסע מענטשנ געווענ?

דער פארבײַגייער אײַלט זיכ. ליימע גייט אים נאָכ אונ דערציילט:

— איכ האָב געלייענט בריוו צו ענגעלסנ פונ דעם זעלבנ קארל מארקסנ, ועלטענע כאווירים זײַנענ זיי געווענ, נאָר קארל מארקס האָט נעבעכ אָפּגעפינצט;רט א לעבנ. ער האָט געהונגערט, איר הערט? געליטנ נעבעכ, ער האָט געלעבט מיט רעוואָליוציע אונ האָט ניט מער אונ נימ ווייניקער ווי געשריבנ דעם באווּסטנ „קאפּיטאל“, ער האָט א גאנצע סטעזשקע אויסגעטראָטנ אינ פּאָדלאָגע, טראכטנדיק זײַנע טיפע מארקס־סטישע גדאנקענ, איר הערט, דאָס איז גע ענ איינמאָל א סטעזשקע...

דער אומבאקאנטער קוקט אים אָנ פארוווּנדערט.

— כאווער, דולט מיר ניט דעם קאָפּ...

ער פארגיכערט זײַנע טריט אונ ווערט ניט. ליימע קאָט· בלײַבט שטיינ א ווײַלע א דולער, ווי מע וואָלט אים אָפּגעגאָסנ מיט קאלטע וואסער. ער פארהויבט זײַנ באליידיקטנ קאָפּ צום הימל.

קיינער פארשטייט אים ניט! קיינער ווייס ניט ווי גליקלעכ ער איז. ווענ ער לייענט דורכ אונ דערוויסט זיכ א נײַס, פונ וועלכער ער האָט פריִער ניט געוווּסט. אים איז שמער. ער ציטערט איבער דעם אונ ציילט עס יעדע רעגע, ווי א קארגער ציילט מאטבייעס. קיינער פארשטייט ניט, אז ער וויל איבערגעבנ אלעמענ א נײַעם גדאנק, א נײַעם וואָרט. ער וויל, אז אלע זאָלנ וויסנ. אלע זאָלנ זײַנ אינ קורס פונ די געשעענישנ.

דער איינציקער מענטש, מיט וועמענ ער קאָנ זיכ טיילנ איז דער בלינדער, וואָס טראָגט ארומ פארקויפנ פליגנ־פּאפּיר, שאָענלאנג גייט ער אים נאָכ אונ דערציילט אים וועגנ דעם לעבנ אינ די קאפּיטאליסטישע לענדער, וועגנ ארבעטלאָזע. אָפּט דערציילט ער אים וועגנ זײַנ ווײַב, וואָס איז לויטנ געזעצ פונ דיאַלעקטיק, עלטער געוואָרנ (ליימע קאָט האָט געלייענט יענע וואָכ א ביכל „דיאלעקטישער מאטעריאַליזמ“) אונ איז אָנ קיינשום געזעצ טויב געוואָרנ. ער דערציילט דעם בלינדנ וועגנ זײַנ עלטערנ זונ, וואָס איז אוועקגעפאָרנ שטודירנ אונ פוילט זיכ אָנצושרײַבנ א בריוול אהיימ. ער רעדט צום בלינדנ, דרייענדיק זײַנ באוועגלעכ־קורצנ גופל. פונ צײַט צו צײַט גיט ער א הייב אופ זײַנ שטאָלצנ קאָפּ, שטעקט ארײַנ זײַנ שפּיציק בלאָנד בערדל דעם בלינדנ אינ פּאָנעמ ארײַנ, אונ שרײַט אויס:

— איר הערט, וואָס מע רעדט צו אײַכ?..

דער בלינדער שאָקלט צו ציטעריק מיט קאָפּ, אונ ליימע קאָט דערציילט ווידער וועגנ דער ערד-ציטערניש אינ יאפּאָניע, וואָס איז געווענ אונ וואָס וועט נאָכ זײַנ, וועגנ היטלערנ דעם אנטיסעמיט, יעמאכ שמוי, וואָס שטאמט אליינ פונ ייִדישע בורזשויענ, וועגנ

אמעריקאַנער פרײַנטשאַפט צו אונדז, און וועגן דער ראַקעטע, וואָס וועט אײַנגיכן פליִען אַפ דער לעוואַנע

— פאַרשטייט איר מיך? — שטרעקט ער אויס זײַנע האַנט אײַנדערלופטן, — דער מענטש דאַרף וויסן, אַז ער איז ניט מער און ניט ווייניקער, ווי אַ מענטש? ער זעט די לעוואַנע מיט טונקעלע פלעקן, וואָס זעען אויס ווי אַ נאָז מיט אויגן, מיט אַ מויל. דאַרף ער וויסן, אַז דאָס איז ניט מער און ניט ווייניקער, ווי בערג און טאָלן. די לעוואַנע איז קימאַט אַפ אַ העלפט קלענער פון דער ערד, פונדעסטוועגן פוסטעוועט דאָרט אַ גאַנץ היפשע זשיל־פלאָשטשאַד, וואָס וועט אונדז צונוץ קומען, איר פאַרשטייט? פאַרגעסט ניט, אַז די מענטש־הײַט שלאָפט ניט אין היטל און פון יאָר צו יאָר קומען צו אָנאַײַנהאָרע פּיסקליאַטעס, און יעדער פּיסקליאַטיקל האָט אַ מײַלכעלע, און יעדער מײַלכעלע בעט עסינקען, אין מיטאָ־מאָל וואַקסט אויס דאָס פּיסקליאַטיקל און בעט זיך מיט טרערן אַפ די אויגן: טאַטע, איך וויל כאַסענע האָבן — האָט ער שוין אַ קינד, און דאָס קינד בעט אויך עסן און האָט אויך כאַסענע... קורץ, דאָס איז ניט מער און ניט ווייניקער „ווי אַ דיאַלעקטיטשעסקער מאַ־טעריאַליזם“...

לײמע קאָט האָט קיין צײַט ניט אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם. ער האָט מוירע, דער בלינדער זאָל ניט אַנטלויפן, נעמט ער אים אָן פאַרן אַרבל אָדער אונטערן האַנט און דערציילט אים ווײַטער.

— נו, פאַרשטייט איר דאָך, מיר קענען אין אַ פּאָר צענדליק יאָר אַרום האָבן אַזוי פיל מענטשן עס זאָל ניט זײַן ווו אויסצושפּײַען, ס׳הייסט, איר גיט אַ שפּײַ, טרעפט איר עמעצן אין פּאָנעם. אַזוי געדיכט זײַנען קיין אײַנהאָרע די מענטשן. און קיין מילכאָמע ווילן מיר ניט, קיין פרעמדע ערד דאַרפן מיר ניט, אפילע אַ ווערשאָק. דאָס וועט אונדז ניט פּעט מאַכן די יויכ — טוּען מיר אָפּ ניט מער און ניט ווייניקער און קלײניקײַט, מיר מאַכן אַ ראַקעטע און מיר שיקן אוועק אַ ראַזוועדקע אַפ דער לעוואַנע. פון אָנהייב פאָרן אַהין אוועק אַ מענטשן דרײַ... וואָס? טאָמער פּלאַצט די ראַקעטע און זיי פאַלן אַראָפּ? איז וואָס לייגן זיי צו דערבײַ? פאַלן זיי אַראָפּ ניט מער און ניט ווייניקער ווי אַפ דער ערד...

פאַר דער לעצטער צײַט באַנעגנט שוין ניט לײמע קאָט דעם בלינדן. דער בלינדער ווײַזט אויס, דערפילנדיק אים נאָך פונדערווײַטן, אַנטלויפט אַפ אַ צווייטער גאַס.

אַז לײמע קאָט געפינט ניט מיט וועמען צו ריידן אין גאַס, קומט ער אַ קאַעסדיקער אַהיים. עפּעס רעגט אים שטענדיק און ער מוז זיך אויסליידיקן.

דער ווײַב האָט ער געזאָגט דעם עמעס.

— איך זאָל ניט דערציילן וואָס איך קען — וועל איך פּלאַצן...

זײַן ווײַב, איידער זי איז נאָך טויב געוואָרן, האָט פאַרטרויט אַ סאָד, אַז ער רעדט פון שלאָף אויך.

די שכיינים אַפן הויף האָבן באַשטימט, אַז נאָך זײַן טויט וועט מען אוועקשטעלן אַ הויך־רײדער אַפ זײַן קייווער. מע איז זיכער, אַז ער וועט נאָך אַ היפשע צײַט איבער־געבן נײַעס פון יענער וועלט...

ניט געקוקט אַפ זײַן קויעך האַדיבער, קומט אים קיינמאָל ניט אויס אַרויסצוטרעטן אַף אַ פאַרזאַמלונג. ס׳איז טאַקע אַ מאָדנע זאַך, ווי ס׳קומט נאָר צו אים, מוז זיך שטענדיק אופהייבן דער פאָרזיצער און זאָגן:

— ס׳איז דאָ אַ פאָרשלאַג שליסן די דעבאַטן!

פארשטייט זיכ, אז מע שליסט גלייכ, ווייל ווער האָט עס גלאַט ליב זיצנ אפ פאר-זאמלונגענ?

נאָר זייט רויִק, אז ליימע קאָט וועט עמעצנ געפינענ אינ פאָיע, אפנ גאס, ווו עס מאכט זיכ. וואָס־זשע דענ, ער זאָל פלאצנ, וועט בעסער זיינ?

מיט א פאָר טעג צוריק איז פלוצלונג געשטאָרבנ פיסנויקינ, אנ אָנגעשטעלטער פונ ליימעס אנשטאלט. ער איז געווענ א שטילער, א שווייגנדיקער, א גרויסער ערלעכער מאנ אונ אנ אָנעוו. אנ אויסזענ האָט ער געהאט פונ א פארטריקנטנ מער, א געלער אונ א דארער, דורכויס פונ ביינער, באצויגנ מיט א טונקל־געלער הויט.

פונ פיסנויקינענ האָט מענ קיינמאָל קיינ שלעכט וואָרט ניט געהערט, ער איז געווענ מאָדנע פארטראכט. אפ זיינע אויסגעצויגענע שפיציק־ביינדלדיקע אויערנ, ווי אפ פארמעט האָט זיכ געשפילט א טויט־געלער בליאסק, ווי בא אלע טובערקוליאָזע, וואָס זיינענ שוינ ווייט פארקראָכנ אינ דער קרענק.

פיסנויקינען האָט עס געדריקט, דערנידעריקט אונ דערשלאָגנ, כאָטש די אָנגע שטעלטע האָבנ זיכ באצויגנ צו אים מיט אכטונג אונ ליבע. מע האָט אפ אים ראכמאָנעס געהאט.

פיסנויקינ פלעגט קומענ צודערצייט אפ דער ארבעט, אומבאמערקט אָבער, ערלעכ אָפּארבעטנ דעם טאָג, אונ יעדער טאָג, האָט זיכ אלעמענ געדאכט, איז דער לעצטער טאָ פונ פיסנויקינס לעבנ, ביז ס'איז ענדלעכ אָנגעקומענ דער לעצטער טאָג — פיסנויקינ איז געשטאָרבנ.

איגדערפרי האָט מענ זיכ צונויפגעקליבנ ווי שטענדיק. קיינער האָט ניט באמערקט, אז עס פעלט א מענטש אינ אנשטאלט. ערשט שפעטער, פארנ איבערייס אפ מיטיק, האָט פיסנויקינס ווייב אָנגעזאָגט וועגנ דעמ אומגליק, וואָס האָט איר געטראָפנ.

די לעווייע איז פאָרגעקומענ נאָכ דער ארבעט.

אלע אָנגעשטעלטע זיינענ אוועק צו פיסנויקינענ אהיימ אונ פונ דאָרטנ אפנ בעסוילעמ ליימע קאָט האָט דעמ גאנצנ וועג געשוויגנ. ער איז געשטאַנענ, ווי אלע, א פארטרויערטער בא דער טיר אונ ס'האָט אימ שטארק גערירט דער געיאָמער פונ פיסנויקינס ווייב אונ פונ די קרויווימ. עס האָט זיכ אפילע בא אימ באוויזנ א פאָר טרערנ אפ די אויגנ.

פונ שטוב ביזנ בעסוילאָמ זיינענ אלע שווייגנדיק נאָכגעגאנגענ נאָכנ פארשטאָרבענעמ מיטארבעטער. ליימע קאָט האָט זייער אָפט געזיפצט, צוקוקנדיק זיכ, ווי די יונגע אלמאָנע ברעכט זיכ די הענט. ער האָט אפ איר שטארק ראכמאָנעס געהאט אונ וואָלט זי גרייט געווענ טרייסטנ כאָטש מיט א גוט וואָרט.

ווענ מע האָט אראָפּגעלאָזנ דעמ טויטנ קערפער אינ קייווער, האָט דער פאָרזיצער פונ אָרטקאָמ דערמאָנט אינ א פאָר ווערטער דעמ ערלעכנ, איבערגעגעבענעמ מיטארבעטער פיסנויקינענ, וואָס איז פאר דער צייט ארויסגעריסנ געוואָרנ פונ אונדזערע רייענ. ער האָט געענדיקט ריידנ. דער אָרקעסטער האָט דורכגעשפילט דעמ טרויער־מארש, אונ ווענ אלע־מענס בליקנ זיינענ געווענ געווענדט אפ דעמ פארשטאָרבענעמ האָט מענ פלוצלונג דער־הערט ליימעס קאָל:

— איכ וויל א וואָרט!...

מע האָט זיכ ניט באוויזנ ארומקוקנ, איז שוינ ליימע קאָט געשטאַנענ אפ א קופ ערד בא דעמ קייווער, אונ האָט מיט א טרויעריק קאָל זיכ געווענדט צומ עוילעמ:

— כאווירים, פיסנויקין איז, ניט מער, און ניט ווייניקער, ווי געשטאָרבן. אָבער צי מעג מען שטארבן אין אזא צײַט, ווען מיר אַלע פילן די פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר דער וועלט-רעוואָלוציע? איך בין זיכער, אז ער האָט ניט געוואָלט שטארבן, ווײַל אויב ער וואָלט געוואָלט, וואָלט ער געווען, ניט מער און ניט ווייניקער, א קאָנטררעוואָלוציאָנער.

די מיטארבעטער האָבן אופגעהויבן די פארטרויערטע אויגן און האָבן פארוואונדערט א קוק געטאָן איינער אפן צווייטן.

— יאָ, כאווירים, און דו, פיסנויקין, אונדזער איבערגעגעבענער כאווער, האָסט עס געוווסט, אז שטארבן קען מען נאָר וועלן אין די קאפיטאליסטישע לענדער, וווּ דער הונגער און נויט ווארפט ארײַן אין טײַך הונדערטער מענטשן. אין פאשיסטישן דײַטשלאנד קומען אום עפשער יעדן כוידעש, ניט מער און ניט ווייניקער, ווי טויזנט נעפאשעס, און פארוואָס? פארוואָס קומען זיי אום? ווײַל זיי האָבן ניט קיין אנדער אויסוועג, עמעס, כאָווירים?...

ליימע קאָט האָט אויסגעצויגן זײַן לאנגן האלדז און האָט געדרייט זײַן שפיציק בערדל פון איינעם צום צווייטן. נאָר אלע זײַנען געשטאַנען מיט אראָפגעלאָזטע קעפּ, ווי מע וואָלט זיך געשעמט קוקן אים גלײַך אין די אויגן, פיסנויקינס ווײַב האָט נאָר געקוקט אף אים א פארוויינטע, זוכנדיק א טרייסטונג אין זײַנע רייד, און דער פּאָרזיצער פון אָרטקאָם האָט זיך נערוועז געדרייט אף איין אָרט, קאָסענדיק א בייזן בליק אפן רעדנער.

— נעמט איצט יאפאָניע, כאווירים, איז ליימע קאָט נאָך מער ארײַן אין עקסטאז,— זי זוכט ניט דעם טויט?

ער האָט לאנג גערעדט וועגן יאפאָניע, וועגן מאנדזשוריע, וועגן ענגלאנד און וועגן פּאָן־פּאפּען. די צונויפגעזאמלטע ארום קייווער האָבן פון אָנהייב אף אים געקוקט צע־שראָקן און פארוואונדערט, נאָר וואָס ווײַטער ער האָט גערעדט האָט מען זיך איינציקווײַס גענומען אָפּקערן פון אים און צושמייכלען מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ, קיינער זאָל ניט זען. דער פּאָרזיצער פון אָרטקאָם האָט אים א פּאָר מאָל געפּרווט אָפּהאלטן, נאָר אומזיסט. ליימע קאָט האָט גערעדט וויפל אים האָט זיך געוואָלט: דאָ אף דעם קייווער פון א כאַ־ווער האָט קיינער קיין רעכט ניט אָפּצונעמען בא אים דאָס וואָרט. ער האָט אזוי לאנג דערעדט ביז פיסנויקינס ווײַב האָט א פּאטש געטאָן מיט די הענט אינדערלופטן, און האָט אויסגעשריִען:

— וויי איז מיר, וויי איז מיר!...

דעמלט ערשט האָט זיך ליימע קאָט דערמאָנט, אז מע דארף ענדיקן די רעדע.

— מײַן לעצטער וואָרט וועט זײַן,—האָט ער געזאָגט און האָט א קוק געטאָן אין קיי־ווער,— מײַן לעצטער וואָרט וועט זײַן געווענדט צו דיר, כ׳ פיסנויקין, איך פארזיכער דיר, כ׳ פיסנויקין, אין נאָמען פון אונדזערע אלע מיטארבעטער פון אנשטאלט, אז מיר האָבן צו דיר גאָרנישט וואָס דו ביזט געשטאָרבן, מעגסט רויִק ליגן אין דײַן קייווער, האָסט עס ערלעך פארדינט, און מיר וועלן שטיין אף דער וואך. זאָל לעבן!...

ער האָט געוואָלט אויסשרײַען א לאָזונג, נאָר די פארטרויערטע פּנעמער פון די מיט-ארבעטער האָבן מיטאמאָל באקומען א פריילעכן אויסזען, און אלע האָבן זיך הילכיק צעלאכט.

דעם ערשטן מאָל אין דער געשיכטע האָט מען געלאכט בא אן אָפענעם קייווער פון א פארשטאָרבענעם כאווער. אפילע אפן פּאָנעם פון פיסנויקינס ווײַב האָבן זיך באוויזן פארדעכטיקע קנייטשעלעך פון א שמייכל.

אפ מאָרגן איז לײמע קאָט געקומען א שוויַיגנדיקער אפ דער ארבעט. ער האָט נאָר באוויזן אריַינצוגיין אין אנשטאלט און זאָגן „גוט מאָרגן“, האָבן זיך אלע צעלאכט. ער האָט זיך געמאכט ניט פארשטייענדיק, אָבער אין צײַט פון טאָג איז אים ניט איינמאָל אויסגעקומען צוגיין צו א מיטארבעטער און יעדער מאָל פלעגט מען אים באגעגענען מיט א געלעכטער.

קאָטן האָט זייער פארדראָסן. ער איז געזעסן אײַנגענורעט א־ן קאָנטאָר־בוך א באלײדיקטער און דערשלאָגענער, און האָט מיט קיינעם ניט אויסגערעדט קיין וואָרט. צום סאָפּ ארבעט־טאָג האָט ער מיט קאָעס א פאטש געטאָן מיטן האנט איבערן דיקן קאָנטאָר־בוך און האָט אויסגעשריִען:

— איר זאָלט עס געדענקען: מער רייד איך ניט!..

די מיטארבעטער האָבן אים באגלייט צום טיר מיט א געלעכטער.

# ער, זי און ער.

„ער—הערבערט, א גראָלעכער, טעמפעראמענטפולער יונגערמאן, איז אין איר פארליבט, זי—קלא, א שלאנקע שיינע פרוי, האָט אים פײַנט. זי גייט אָבער פון הערבערטן ניט אוועק, וויַיל ער איז רײַך. נאָר זי האָט ליב א צווייטן „ער“—דזשעק, א יונגן מאן מיט בלויע אויגן“...

ער, זי און ער...

וויפל טינט איז אויסגעגאָסן געוואָרן? וויפל פאפיר איז פארשריבן געוואָרן? וויפל טרערן איז אויסגערונען אפ די דרײַ אומגליקלעכע נעפּאשעס? וויפל אומשולדיקע מענטשן, נעבעך, האָבן די בורזשואזע ראָמאניסטן צוליב אזא נישטיקײַט, ווי אייפערזוכט, מיט דער שפיץ פון דער פען, צעשאָסן, דערטרונקען, אופגעהאנגען און פארסאמט?

אפ דעם זײַנען זיי בורזשואזע ראָמאניסטן...

איך קלײַב זיך דאָ קיינעם ניט צו שיסן, דערטרינקען געוויס ניט. אין אונדזער טײַכל, מע זאָל זיך וועלן דערטרינקען, וועט מען אויך ניט קאָנען. סײַדן מע זאָל זיך שטעלן מיטן קאָפּ אראָפּ. אפ דעם דארף מען זײַן א קונצן־מאכער.

איך וועל נאָר דערציילן, וואָס איז פאָרגעקומען ניט לאנג, ווען ס'האָט זיך אריַינגעמישט א צווייטער „ער“...

— בעקיצער—ער, זי און ער!...

שטעלט זיך פאָר א טיפע נאכט אין הארבסט. די מויערן זײַנען צעשוומען געוואָרן אין דער פינצטערניש. בלויז גרויסע עלעקטרישע לאָמפן טושקען זיך ווו ניט ווו אין דער באנאכטיקער טיפקײַט,—ווי מאטעווע צעשוומענע קרײַזן וואָלטן געהאנגען גלאט אזוי איינדערלופטן.

עס שמײַסט א רעגן איבערן ברוק. ער טאפט אָן אין דער פינצטער א פארבײַגייער, בעזימט אים ארום מיט נאסע שטעכלקעס, קלאפט אָן אין א קוים־באמערקטן אָפּגלאנץ פון א שויב און צעיאָגט זיך מיט אן אומרויִקער פײַפערײַ, ערגעץ פון אזש אינדערהויך ביז ערגעץ אזש אונטן.

צו א טעלעגראפישן סלופּ איז צוגעגאנגען וואקלענדיק זיך א מענטש. ער האָט א פאטש געטאָן מיט דער האנט אָן גליטשיקן האָלץ און האָט געזאָגט:

— מע רופט מיך זאַלמען טראָס!

אים האָט קיינער ניט געענטפערט. ס'האָט נאָר א פײַפּ געטאָן שטאַרקער פאַרבײַ זײַנע אויערן און ס'האָט אים אָפּגעגאָסן מיט קאַלטער וואַסער. ער האָט צעעפנט דעם מויל אין א ביטערן שמייכל.

— מײַן ווײַב האָט מיך גענאַרט, ברודער לעבן... מײַן אייגענע ווײַב!

ער האָט אַרומגענומען דעם סלופּ, צוגעדריקט אים צו זײַן אויסגעווייקטן מאַנטל און האָט א לעק געטאָן מיטן צונג דאָס נאַסע האָלץ.

— נו, וואָס זאָל איך מיט איר טאָן? דערשטיקן זי?.. האַ?...

ער האָט ברייט צענומען די הענט און האָט זיי באַלד צוריק צונויפגעקלעמט.

דער רעגן האָט גענעצט...

— — — — — — — — — — —

פאַרטאָג האָט זיך א קאַלטער שטראַל באַוויזן איבער א דאַך. צוזאַמען מיטן שטראַל האָט זיך אופגעכאַפּט אַן אויסגערוטער הודאָק. די שטילע גאַס האָט אופגעוואַכט פון שלאָף. לאָדנס האָבן זיך צעקלונגען. א פורמאַן האָט א רודער געטאָן איבערן ברוק. אַרבעטער, אויסגעשלאָפענע, מונטערע האָבן זיך געלאָזט גיין איבערן גאַס. נאָר איין מענטש אף דער גאַנצער שטאָט איז געלעגן לעבן א טעלעגראַפישן סלופּ. ער האָט געהאַלטן אַרומגענומען דאָס פײַכטע האָלץ און האָט געשמאַק געכראָפּעט.

די פאַרבײַגייער האָבן זיך געײַלט צו דער אַרבעט. ס'איז קיינעם ניט אײַנגעפאַלן אָפּ־שטעלן זיך, אופוועקן דעם שלאָפנדיקן, דערוויסן זיך ווער ער איז, אָפּפירן אים אַהיים. יעדערער האָט ווײַזוס אויס געטראַכט—דאָס וועט טאָן עמעצער.

דער „עמעצער" איז געווען א פרוי. זי האָט אים דערקענט. זי האָט אים אופגעוועקט און האָט א ווײַלע פאַרכידעשט אף אים געקוקט אָן ווערטער. זײַן פּאָנעם איז געווען צע־קנייטשט, די אויגן—רויט און פאַרגלעזערט. דער גאַנצער מענטש האָט אויסגעזען—א שטיק שמאַטע.

— איך האָב אף דיר ראַכמאָנעס, זאַלמען,— האָט געזאָגט די פרוי,— ס'וועט פון דיר גאָרנישט ווערן...

זי האָט געהאַט א מיטעלן וווּקס. א כיינעוודיק פּאָנעם און גלענצנדיקע גרויסע אויגן. זי האָט אים געהאָלפן אופשטיין, אָנגעטאָן אים דאָס היטל, ווי עס באַדאַרף צו זײַן און האָט אים פאַריכט דעם צעקנייטשטן מאַנטל.

— א'צט רייע מיט מיר ניט,— האָט זי געזאָגט, און האָט פון אופרעגונג געביסן די ליפּן,—אינדערהיים שטייט פאַר דיר צוגעגרייט אָנבײַסן... איך אײַל זיך צו דער אַרבעט.

זי איז אוועק. א שלאַנקע. אירע זעלטן שיינע פיס האָבן לײַכט געטראָטן אפן פײַכטן טראָטואַר. זאַלמען איז א היפּשע ווײַלע געשטאַנען און האָט זי נאָכגעקוקט, ביז זי האָט פאַרקערעוועט אף א צווייטער גאַס. ער האָט אופגעהויבן די האַנט. באַטראַכט די דלאָניע, א פּאָר מאָל פאַרכאָלעמט א פיר געטאָן איבערן פּאָנעם און האָט זייער טיף אָפּ־געזיפצט...

— אָך, אָך, אָך...

דעם ערשטן מאָל אף זײַן לעבן האָט זאַלמען טראָס גענעכטיקט אפן גאַס. דעם ערשטן מאָל אף זײַן לעבן האָט ער ניט געוווּסט אף וואָסער וועלט ער איז. כאָטש אָפט איז ער שיקער געווען—דאָס איז זײַן קרענק—אָבער שטענדיק וויס ער וואָס ער טוט. און איצט?

קיין גרעסערנ בעזאָיענ האָט ער ניט געהאט. מענטשנ באקאַנטע, עפשער ארבעטער פונ זיינ פאבריק האָבנ אים אויכ געזענ? מע וועט פונ אים לאכנ. מע וועט זיינ גערעכט.

דער גרעסטער בעזאָיענ איז פאר איר, פאר דער מיטל־וואָקסיקער פרוי—פאר פריידלענ. זי האָט אפ אים געקוקט מיט אוינע בלישטשענדיק־פארוווּנדערטע אויגנ.

נאָכ דאָ ניט לאנג איז ער געפאָרנ אפ קוראָרט, ער האָט זיכ דאָס הארצ געפאטערט פונעמ בראנפנ. ער איז זיכ געפאָרנ היילנ אונ אָט האָט ער זיכ דערהיילט צומ נעכטיקנ לעבנ א רינע א טויט־שיקערער...

— — — — — — — — — — — — —

דעמ קוראָרט האָט אימ פריירל געגעבנ. זי האָט עס באקומענ א פרעמיע. פאראיאָרנ איז זי דאָרט געווענ, האָט זי געוואָלט, אז הײַאָר זאָל פאָרנ דער מאנ.

דאָרט האָט מענ זאלמענענ געהיילט, פארשריבנ אימ וויפל מינוטנ צו ליגנ אפ דער זונ, וויפל צו באָדנ זיכ אינ יאמ. געמאכט איבער אימ ספעציעלע פראָצעדורעס מיט עלעקטרישנ דוש, מיט וואנעס. זאלמענ האָט זיכ בעעמעס דערפילט געזונטער.

ער האָט ליב געקראָגנ די קרימער נאטור. מערער פונ אלצ דעמ יאמ. ס'ליגט דער יאמ ווי א שפיגל אונ זילבערט זיכ אפ דער זונ. ער פארמעסט זיכ מיט דעמ הימל אינדערברייט אונ אינדערטיפ. ווענ מע גייט ארויס פונ דעמ געזאלצענעמ וואסער פילט מענ זיכ פריש אונ מונטער. זאלמענ האָט ליב צו זיצנ באמ ברעג יאמ, אפילע, ווענ ס'איז א שטורעמ אונ מע קענ זיכ ניט באָדנ. דער יאמ איז דעמלט א פילפארביקער. נאָר פונ דער ווײַטנ באמ האָריזאָנט איז ער א שווארצ-גרינער, אינמיטנ—בלאָ־גרינ, אונ נעענטער צומ ברעג איז ער מיטנע־גראָ. הארט באמ ברעג קאָכט דאָס וואסער. איבער די קליינע געפאָלירטע שטיינדלעכ פונ ברעג צעגיסט עס זיכ ווי מילכ, אונ רינט אראָפ צוריק אינ א דינעמ געוועב פונ שוימ. דער גאנצער מעכטיקער יאמ רוישט אונ בושעוועט. ס'דאכט זיכ—טויזנטער ווינטנ דרייענ זיכ דאָרט ערגעצ אומ אינעווייניק אונ קענענ זיכ בעשומויפנ ניט ארויסרײַסנ אפ דער פרײַער וועלט. זיי רעווענ פונ דער טיפעניש, שטויסנ הויכ ארויס שרעקלעכ־גרויסע כוואליעס, שליידערנ זיי אונ צעזעצנ זיי אפ פיצ־ברעקלעכ איבער די שטיינדלעכ, וואָס סקריענ אונ וויינענ גליטשנדיק זיכ צוריק אפ אראָפ. דער גאנצער יאמ איז פול מיט ווײַסע גריוועס. פונ ווײַטנ דאכט זיכ—ווײַסע כאיעלעכ שווימענ אומ, ארויסשטעקנדיק דעמ רוקנ אפ א כוואַליע, אונ גרונטעווענ אוועק צוריק אינדערטיפ. אינ אזא טאָג באווײַזנ זיכ היפשע וואָלקנס אפנ הימל. זיי פארשטעלנ אָפט די זונ, ווי זיי וואָלטנ מוירע געהאט, אז א כוואליע זאָל זיי ניט פארשפריצנ.

דאָס מאָל איז זאלמענ טראָפ געזעסנ אפנ ברעג יאמ מיט מאקסנ—זײַנעמ א כאווער. זאלמענ האָט זיכ מיט אימ באקאנט טאקע דאָ אפנ קוראָרט. מאקס איז געווענ הויכ אונ דאר, ווי א קרימער קיפארים. ער האָט געהאט א בייכנ סימפאטישנ פאָנעמ אונ האָט שטענדיק ליב געהאט עפעס צו דערציילנ, זינגענ, אָדער גלאט פילאָזאָפירנ.

איצט האָט מאקס דערציילט אָט וואָס:

פאראיאָרנ, קימאט אינ דער זעלבער צײַט, איז ער אויכ געווענ אפ קוראָרט אונ האָט זיכ באקאנט מיט א זייער אינטערעסאנטער פרוי. זיי זײַנענ געוואָרנ די בעסטע כאווירימ.

— איכ קאָנ זי ניט פארגעסנ,— האָט ער געזאָגט,— מיר זײַנענ געווענ באקאנט אינגאנצנ איינ כוידעש... כ'האָב זיכ אינ איר פארליבט, ערנוואָרט... בא א האלב יאָר האָבנ מיר זיכ דורכגעשריבנ. ביז איכ בינ אוועקגעפאָרנ אינ דאָרפ אפ ארבעט. פונ דעמלט אָנ ווייס איכ ניט וואָס ס'הערט זיכ בא איר. זי האָט זייער שטארק געליטנ. שטעל זיכ פאָר—זי האָט

ליב געהאט דעמ מאנ, א טעמפנ, א גאָרנישט. א צײַטונג האָט ער אפילע ניט געוואָלט דורכלייענענ. זי איז געווענ מער אנטוויקלט פונ אימ. זי האָט זיכ געלערנט. געוואָרנ דער פאָרזיצער פונ פאבקאָמ אפ דער פאבריק, אפ דער זעלבער פאבריק, ווו ער האָט אויכ געארבעט. זי האָט אימ אָבער ליב געהאט. ערנוואָרט, זאלמענ, זי האָט מיר אליינ געזאָגט אז זי האָט ליב דעמ טויגעניכצ.

זאלמענ טראָס איז געזעסנ פארגליווערט אונ מיט פארשמעלערטע אויגנ געקוקט אינ־דערווײַטנ צומ האָריזאָנט. איבער זײַנ נידעריקנ שטערנ האָט זיכ דער ווינט גע־שפילט מיט די צעשויבערטע האָר. אונ נאָר א טרוקנ־ביינערדיקע באק האָט פונ צײַט צו צײַט בא אימ געציטערט.

א היפשע ווײַלע האָבנ זיי ביידע געשוויגנ. געקוקט ווי ביסלעכווײַס ווערט פארצויגנ דער גאנצער הימל מיט א שווערער כמארע, דער גערויש פונ יאמ איז געוואָרנ אלצ שטאר־קער, ווילדע כוואליעס זײַנענ נאָכ העכער געשפרונגענ, צעשפענענדיק טיפע גריבער אונטער זיכ אונ צעשיטנדיק זיכ באמ ברעג. זאלמענ אונ מאקס האָבנ ניט באמערקט ווו זיי זײַנענ באשפריצט אונ דורכגענעצט געוואָרנ פונ דעמ צעהוליעטנ וואסער. מאקסנ האָט זיכ נאָר געדאכט, אז זאלמענ גלויבט ניט דאָס, וואָס ער האָט דערציילט.

— הערסטו!— האָט ער זאלמענענ א פאטש געטאָנ איבערנ פלייצע,— איכ ווער מאָדנע גיכ געפעלנ פרויענ... קוק ניט וואָס איכ זע אויס הויכ ווי א פלאָקנ, מיסטאָמע האָב איכ אנ אינעווייניקסטנ כיינ... צו מיר געווינט מענ זיכ צו, ווי צו א היטל. פונ אָנהייב זאָגט מענ: „כ׳וויי, עפעס קליידט ניט גאָר שטארק", דערנאָכ איז שוינ שווער זיכ אָפצוגעווינענ...

ער האָט גענומענ זוכנ אינ טײַסטער צווישנ די פאפירלעכ. זאלמענענ האָט א ציטער ארומגענומענ דאָס לײַב. פונ נערוועזקײַט, צי פונ קעלט? ס׳האָט אימ אינ דער רעגע, דעמ ערשטנ מאָל זינט ער איז אפנ קוראָרט, פארשמעקט אביסל בראנפנ. מאקס האָט אימ בא־וויזנ א קליינע פאָטאָגראפיע, ווי ער זיצט מיט א פרוי בא א גרויסער טשינארע אונ האָט זיכ צעלאכט:

— איצט גלויבסטו?

זאלמענ איז בלייכ געוואָרנ אונ האָט שווער גענומענ עטעמענ.

— צו וואָס דערציילסטו דאָס מיר, מאקס?— האָט ער שוואכ א זאָג געטאָנ, באטראכטנ־דיק די פאָטאָגראפיע,— דאָס איז דאָכ מײַנ ווײַב...

— — — — — — — — — — —

א גאנצנ טאָג איז זאלמענ פונ שטוב ניט ארויסגעגאנגענ. ער איז געווענ פארטראכט אונ האָט זיכ ניט געקאָנט דערטראכטנ צו גאָרנישט. אומעטיק אונ מאָנאָטאָנ האָט זיכ גע־צויגנ די צײַט, ווי שאָענ פונ א שלאָפלאָזער נאכט. א הארבסטיק־פיבערהאפטער ווינט האָט אָפט געפײַפט צווישנ די ביימער פונ גאס. דאָס האָט אפ אימ אָנגעוואָרפנ א מאָרע־שכיירע אונ האָט נאָכ אימ מער פארצאָרעט. אימ האָט פארדראָסנ, וואָס ער האָט זיכ אײַנ־געשיקערט ביז אומבאוווּסטזײַנ. אימ האָט פארדראָסנ, וואָס ער איז געפאָרנ אפ קוראָרט, וואָס ער האָט זיכ דערוווּסט וועגנ פריידלענ, וואָס ער לעבט ביכלאל אפ דער וועלט...

זאלמענ טראָס האָט זיכ פלוצלונג דערזענ דורכנ שפיגל, אונ ס׳איז אימ פריקרע גע־וואָרנ זײַנ אייגעניער אויסזענ. ער האָט זיכ אײַנגעוואשנ, אָנגעטאָנ זײַנ נײַעמ קאָסטיומ אונ איז אוועק פונ שטוב.

אינ אווײַלע ארומ איז ער, ווי א קויל דורכ א פענצטער, ארײַנגעלאָפנ אינ הויפ פונ פאבריק. אינ וועש־צעכ האָט ער זיכ אָנגעשטויסנ אפ א פארזאמלונג פונ די ארבעטערנס.

פריידל האָט גערעדט וועגן פּלאַנ פון 4־טנ קווארטל און וועגן דער איבערגאנג־פּאַנ, וואָס דער צעכ האָט באקומענ. זאלמענ איז געשטאנענ אַנדערזייַט און אָנגעשטרענגט געקוקט אָפּ איר. ער האָט אפלאָדירט גלייַכ מיט אלעמענ, ווענ פריידל האָט געענדיקט ריידנ.

באַמ ארויסגאנג האָבנ זיי זיכ באגעגנט.

— פריידל, הער, איכ דארפ דיר עפּעס זאָגנ...

האָט ער מיט ארויפגעלאָזטע אויגנ ניט זיכער א זאָג געטאָנ. זי האָט געקוקט אָפּ אים פארוווּנדערט: באטראכט, ווי ער זעט אויס און האָט שמייכלענ־ריק געזאָגט.

— איכ דארפ נאָכ דורכפירנ א פארזאמלונג אינ צווייטנ צעכ...

זי איז אוועק. נאָר באלד האָט זי זיכ אומגעקערט צוריק.

— האָסט שוינ געגעסנ וואַרמעס?

ער האָט ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערנ. ער האָט זיכ אזוי שולדיק געפילט קעגנ איר.

— מער וועט עס ניט זייַנ, פריידל,—האָט ער געזאָגט,—איכ זאָל אזוי געזונט זייַנ, ווי מער ניט...

אירע אויגנ זייַנענ ערנסטער געוואָרנ און האָבנ געקוקט אָפּ אים מיט כשאד. זי האָט זיכ אוועלע פארטראכט, אופהייבנדיק דעמ קאָפּ אינדערהויכ און האָט צוזאמענ מיט א קוימ־באמערקטנ זיפצ ארויסגערעדט.

— נו, גוט...

לויפנדיק אָפּ די טרעפּ פונ צווייטנ שטאָק, האָט זי זיכ אָפּגעשטעלט. זי האָט זיכ צעלאכט און האָט אים ארויפגעוואָרפנ א בריוו.

— אָט, האָב איכ באקומענ א בריוו פונ נאָכ איינעמ...

האָט זי אויסגעשריִענ און איז שטיפעריש ארופּגעלאָפנ ארופּ.

דעמ ערשטנ מאָל אָפּ זייַנ לעבנ איז זאלמענ טראַס געשטאנענ אזא פארנאפּטער. ער האָט פּאָר־זיכטיק ארויסגענומענ דעמ בריוו פונ קאָנווערט און האָט גלייַכ דורכגעלייענט דעמ אונטערשריפט.

דער בריוו איז געווענ פונ מאקסנ.

# כאוויירימ.

דורכ דער געדיכטער פארע האָט א גלאנצ געטאָנ א מוסקלדיקער אקסל. א ביינערדיקע האנט גיט א הייב אנ איבערפולטנ שעפל וואסער. דורכ דער נעפּלדיקייַט גיט א שטעק ארויס אנ אָפּגעשוווענקטער ברעג באנק, און א געראזירטער קייַלעכדיקער קאָפּ שמייכלט.

נאָכעמ איילט זיכ. שטענדיק פאר א רר־טאָג לאָזט ער שטיינ דעמ פערד מיט דער קארע לעבנ באָד און גייט זיכ וואשנ. דער וועכטער פונ די זאכנ קענ אים. ער ווייס, אז נאָכעמס ערשטע פראגע וועט זייַנ:

— א הייסע באָד?

דערנאָכ זאָגט ער:

— גוט!... אויב ס׳איז א הייסע.

אָדער:

— אנ אומגליק!.. אויב ס׳איז א קאלטע.

מער רעדט ער ניט. ער טוט גיכ אויס זײַנ פּאָדיאָווקע—אנ אײַנגעפּלעקטע אינ מעל־אָדער קוילנ, ס׳ווענדט זיכ, וואָס ער האָט דעם טאָג געפּירט. שלעפּט אראָפּ די גרויסע יוכטענע שטיוול, שמעקידיקע מיט דזעגעכצ, אונ אײַנבויגנדיק זײַנ נאקעט־ברוינעם קערפּער, וויקלט ער צונויפּ די זאכנ אינ א קנויל.

נאָכעמענ ארט ניט, וואָס דער ווערטער גיט א שלײַכער זײַנע זאכנ ערגעצ אונטנ — קימאט אפנ דיל. ער גיט נאָר א טראכט:

— צי מיינט ער ניט, איכ זאָל אימ געבנ אינ האנט?..

ער זאָגט אימ אָבער גאָרנישט. ער פארבויגט נאָר פארדעכטיק א ליפּ—אמאָל די אויבערשטע, אמאָל די אונטערשטע, גיט צו אימ שטיפעריש א ווונק, אונ לאָזט זיכ גיינ אינ צווייטנ צימער.

ער וואשט זיכ מיט קויעכ, איצט שווענקט ער שוינ אראָפּ דאָס זייפּ פונ בלוטיק־רויטנ לײַב אונ האָט פלוצלונג דערפילט אפ זײַנ אקסל א פרעמדע האנט.

— דאכט זיכ נאָכעמ?

נאָכעמ האָט פארוווּנדערט א קער געטאָנ דעם קאָפּ.

— פּײַוול!...

אונ האָט אויסגעשטרעקט א האנט—צעווייקטע מאזאָליעס.

מיט פּײַוולענ האָט ער זיכ געהאָדעוועט אפ בלאָטע-גאס. אינ איינ הויפ, אינ איינ שטוב. געלערנט זיכ אינ כיידער בא רעב שימענענ דעם געלנ. פּײַוול האָט זיכ בעסער געלערנט. נאָכעמענ האָט מענ אָפטער געשמיסנ. ביידע עלטערנ זײַנענ געווענ קארעשניקעס. זייער קינדערשע שטרעבונג—זעצנ זיכ אפ דער קארע, די לייטשעס אינ די הענט, אונ שמײַסנ דעמ שווערפיסיקנ פערד.

זייער אמאָליקע גאס — צעקאָשעטע הילצערנע הײַזלעכ, צוגעטוליעטע איינע צו דער צווייטער—פארזונקענע אינ בלאָטע. שטיל ווי אפ א בעסיילעמ. אינ דער גאס האָבנ געוווינט פורמאנעס, איבערהויפּט קארעשניקעס.

פארנאכט פלעגט זיכ צערודערנ די בלאָטע־גאס.

— נאָ!...—האָט מענ געהאליאָקעט,—נאָ!...

דעמלט האָבנ די קינדער געוווּסט—זיי דארפנ לויפנ אנטקעגנ. צונעמענ בא די עלטערנ די לייטשעס אונ שטייענדיק אפ דער קארע, פאָרנ איבער דער גאס, ווי עמעסע פורמאנעס.

זייערע עלטערנ האָבנ געלעבט אָרעמ. דאָס שטיקל ביז די פענצטער אײַנגעזונקענ אינ דער ערד. די פענצטערלעכ, אפ העלפט פארשטאָפּטע מיט שמאטעס, האָבנ דערגרייכט דעמ ברעטלדיקנ טראָטואר. א גאנצנ טאָג האָט מענ דורכ די צעבראָכענע שײַבלעכ געקענט זענ נאָר פיס, אונ פיס...

מיט אכט יאָר צוריק איז פּײַוול ערגעצ אוועקגעפאָרנ. נאָכעמ האָט אימ ביז איצט ניט געזענ. ער קוקט אפ אימ. דערזעלבער פּײַוול. אָפנ שמייכלענדיקע אויגנ, נאָר די קינבאקנ שמעקנ עטוואָס שארפער ארויס, קנייטשעלעכ האָבנ דורכגעשניטנ דעמ פּאָנעמ. אָבער דערזעלבער פריילעכער פּײַוול. ער האָט דעמלט געארבעט אפ א מעטאלורגישנ זאוואָד. אָפט נאָכ דער ארבעט באגעגנט זיכ אינ א פארקאָפּטשעטער ספּעצאָווקע מיט שליאָסערישע הענט. געזעצט זיכ אפ דער קארע לעבנ נאָכעמענ. פארויכערט. גערעדט וועגנ מיידלעכ אונ געלאכט גלאט אינ דער וועלט ארײַנ.

איצט קוקט אימ נאָכעמ אָנ — צופרידנ, וואָס ער האָט דערזענ דעמזעלבנ, נאָכ אזוי פיל יאָרנ.

— גוט, וואָס דו ביסט דאָ, — האָט ער א שמייכל געטאָן, — גיב מיר א ריב די פּלייצע...

דערנאָך זײַנען זיי ביידע געשטאַנען אונטערן דוש, אונטער א ווארעמען רעגנדל. נאָכעם האָט בעקיוון אָפּגעדרייט דעם הייסן קראַן און מיטאַמאָל דעם קאַלטן. פּײַוולען האָט פאַרכאַפּט דער אָטעם, און נאָכעם האָט געלאַכט:

— א גוטע באָד, הא?...

זיי זײַנען ארויס זיך אָנטאָן.

— מיך פרייט, וואָס איך האָב דיר דאָ געטראָפן!

האָט פּײַוול געשמייכלט צופרידן. ער האָט אָנגעטאָן א הויזן מיט א שארפן קנייטש, א ווײַסע אויבער־העמד מיט א גלאַנציק־ווײַסן קראַגעלע, און האָט זיך געשטעלט באַם שפּיגל אויסבינדן דעם שניפּס.

נאָכעם האָט אָנגעטאָן די וואַטאָווע הויזן, די גרויסע שטיוול, און איז געבליבן שטיין פאַרגליווערט מיט דער פּאַפּיראָוקע אין האַנט.

— גאָר אַן אַנדער פּײַוול... ענלעך אַף אַן אויטלענדער... א ווײַסער קראַגן... געטראָפן אַף געלע שיך... אַן אַנדערער...

ער האָט נאָר וואָס געוואָלט אָנעמען פּײַוולען פאַרן האַנט, אַראָפּגיין מיט אים אונטן אויסטרינקען א פּאָר קופליעס ביר. איצט האָט ער ניט געהאַט קיין מוט זאָגן אים א וואָרט, ער האָט נאָר אַף אים געקוקט מיט א פאַרגליווערטן בליק און געטראַכט.

— ווער איז איצטער פּײַוול?... דאַכט זיך, אַז ער קוקט שוין אַנדערש. ער באַוועגט זיך אַנדערש. ער שמייכלט אַנדערש... אָט טוט ער אָן א נײַעם מאַנטל, א פעטערווע היטל. ער שמייכלט צו אים.

— ביסט פאַרטיק, נאָכעם? קום!...

און נעמט אים אַרום פאַר די פּלייצעס.

נאָכעם האָט אים ניט געוואָלט אײַנרייכטן אין מעל. ער האָט זיך אומבאַמערקט ארויסגעדרייט פון זײַנע הענט, קלוימערשט אופהייבן עפּעס פון דיל, און איז אוועק צום ארויסגאַנג.

אַף די טרעפּ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט.

— ווו ארבעטסטו, פּײַוול?

— אַף א זאַוואָד... א אינזשענער...

— טאַקע?...

בא נאָכעמען זײַנען פאַרלאָפן די אויגן. ער איז אַראָפּ פון די טרעפּ מיט א פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

אַפן גאַס האָבן זיי זיך צעזעגנט. פּײַוול איז אוועק אין דער ריכטונג צום באַרג און נאָכעם האָט אָפּגעבונדן דעם פערד — אוועקצופירן אים אין קאָניושנע.

א צײַט האָט ער נאָכגעקוקט פּײַוולען — זײַן כאַווער, דעם אינזשענער, וואָס האָט געשפּאַנט צום הויכן באַרג מיט פעסטע זיכערע טריט. א ווײַסער קאָלנער האָט שארף געבלאַנקט פון דער ווײַטן.

נאָכעם האָט אַליין ניט באַמערקט, ווי ער האָט צעביסן דעם ברעג פון בײַטש־שטעקל מיט די ציין, אַרײַנשנײַדנדיק אין אים טיפע קאַרבן:

— א גרויסער מענטש געוואָרן פּײַוול, א אינזשענער...

זײַן קאָפּ איז אים שווער געוואָרן ווי בלײַ. אים האָט באַנג געטאָן אַף די אַכט יאָר, וואָס ער האָט אָפּגעגעבן דעם פערד.

— נו וואָס?— האָט ער א טראכט געטאָנ,— נו וואָס איז דער טאכלעס? איצט איז ניט אמאָל... אָט פײַוול איז עפשער א אינזשענער־כימיק, אונ וואָס בינ איכ? א פערדישער אינזשענער... אנ אומגליק...

ער האָט מיטנ בײַטש־שטעקל א שאר געטאָנ איבערנ פארקאראוועטנ ברעג שטיוול, פלוצלונג האָט עמעצער א געשריי געטאָנ:

— נאָכעמ!

ער האָט זיכ אָפּגעקערט. אינ דער ריכטונג צו אימ איז געגאנגענ א בלאָנדער יונגער־מאנ מיט א פּאָרטפעל אונטערנ אָרעמ—נאָכעמס פארוואלטער.

— וואָס שטייסטו דאָ, ווי א נאר הינטערנ באָד,— האָט געשמייכלט דער פארוואלטער,— וואַרסטו אפ עמעצנ?

נאָכעמ האָט זיכ פארלאָרנ.

— כאווער פארוואלטער, כ׳האָב געטראָפנ מײַנעמ א גוטנ כאווער, אנ אינזשענער געוואָרנ...

— אנ אינזשענער איז וואָס? א גרויסע זאכ!... מײַנ ברודער איז אויכ אנ אינזשענער...

— ניינ, כאווער פארוואלטער, דאָס איז עפּעס אנדערש...

נאָכעמ איז אנטשוויגנ געוואָרנ טיפ אָפּזיפצנדיק. אווײַלע איז געווענ שטיל, ביז דער פארוואלטער האָט א פרעג געטאָנ:

— אויסגעפילט די נאָרמע?

אויסגעפילט, כ׳ פארוואלטער,— האָט נאָכעמ שטאָלצ א הייב געטאָנ דעמ קאָפּ,— אויסגעפילט אפ 125 פראָצ...

— נו, ביסטו א יאט,— האָט אימ דער פארוואלטער גוט־ברודעריש אונ צופרידנ א פּאטש געטאָנ איבערנ אקסל,— וועסט באקומענ א פּרעמיע...

ער האָט אימ געגעבנ די האנט אונ איז אײַלנדיק אוועק.

נאָכעמ האָט אימ נאָכגעקוקט א רעגע, אונ מיטאמאָל האָט ער צופרידנ א צי געטאָנ זיכ פארנ בריליק, צעפּײַפנדיק זיכ הילכיק אפ א רעגע. ער האָט א שפּרונג געטאָנ אפ דער קארע מיט זײַנע געזונטע פורמאנישע פיס, ווי ער וואָלט אקאָרשט דערהערט א פריידיקנ אָנזאָג. ער האָט א ריס געטאָנ די לייטשעס מיט די הענט, אונ פונ איבערפולטער קראפט האָט ער זיכ צעכוואָשטשעט איבערנ אומשולדיקנ פערד, צעשרײַענדיק זיכ איבער דער גאס.

— היי, וואסיוטקע, שטעל פיס!... מיר באקומענ א פּרעמיע!... היי!... זאָלסט נאָר פּאָלגנ דײַנ אינזשענער!.!. היי, האָפּ!...

# א באווײַז מיט פאקטנ.

אינ דרײַ טעג ארומ איז יאָנטעוו—ערשטער מײַ.

— איצט אינ פרילינגדיקנ פארנאכט האָט זיכ די זונ באהאלטנ הינטער די מויערנ איבערלאָזנדיק הינטער זיכ א רויטנ ברעג־הימל. שטיקער אָראנזש־שײַנ פלאמיקנ די שויבנ פונ די אנטקעגנדיקע ניט לאנג־געפארבטע מויערנ, אונ גלאנצנ די גרינ־געפארבטע טירנ פונ די גרויסע מאגאזינענ.

אפ די טירנ וויגנ זיכ נאָכ צעטלעכ מיט אויפשריפטנ „פאָרזיכטיק: געפארבט״.

שמועל טאראנ איז דעמ טאָג ארויס פונ אנשטאלט אסאכ שפּעטער ווי אלעמאָל. ס׳איז פאָרגעקומענ אנ אלגעמיינע פארזאמלונג פונ די מיטארבעטער וועגנ דער האלוואָע.

שמועל טאראנ האָט פײַנט פארזאמלונגענ, ער האָט ליב, אז מע לאָזט אימ צורו.

— איכ טו אָפּ ערלעכ מײַנ ארבעט, אונ א גוטנ טאָג... גוטע פרײַנט פונדערווײַטנ.

אזוי טראכט טאראנ. ער זאָגט עס אָבער ניט ארויס. ביכלאל האָט ער זיכ פײַנט ארויס־צוזאָגנ פאר אנ אוילעמ.

דאָכ, קומט ער אָפּ א פארזאמלונג דער ערשטער אונ גייט אוועק דער לעצטער. נאָר באמ ארויסגאנג לאָזט ער אויכ שטילערהייט פאלנ א פאָר ווערטער.

— כ'ווייס נו... מע רעדט אונ גאָר... פאקטנ דארפ מענ... פאקטנ... וואָס? מע בויט, זאָגט מענ, א נײַע עלעקטראָסטאנציע אינ שטאָט... נו, יאָ... בא מיר פאלנ אײַנ די טרעפּ אפנ הויפ, האלט עס עמעצנ ארנ? וואָס?

די צוקלײַבערנ, צו וועמענ ער ווענדט זיכ, איז טויבלעכ. אגעװ אײַלט זי זיכ גיינ אהיימ. זי ענדיקט פארקערנ רעמ אנשטאלט. טאראנ שטייט הינטער איר פלייצע אונ וויל איר עפּעס דערווײַזנ.

— הו, הא, עס קערט זיכ די וועלט... פאבריקנ, דאָמנעס, לײַהודימ!... געזענ, הא? אינ קאָאָפּעראטיוו? ווי ס'איז געקומענ צו מיר, אויס — ניטאָ מער קיינ הערינג... ביז מיר איז געווענ אונ ווי נאָר איכ האָב געוואָלט... כ'ווייס, נו... מע בויט, מע בויט... האלט מענ פאריכטנ די אלטע, ס'איז גרינג צו ריידנ... פאקטנ!.. איכ גלויב נאָר אינ פאקטנ...

שמועל טאראנ האָט ניט באמערקט, אז די צוקלײַבערנ איז שוינ איבערגעגאנגענ אָפּ אנ אנדער אָרט אונ טוט שוינ אויס דעמ כאלאט.

ער רעדט צו דעמ ליידיקנ ווינקל.

— וואָס איז, מיינט איר, כ'וואָלט ניט ארויסגעטראָטנ? כ'ווייס! נו...

פארוואָס זאָל מענ ניט וויסנ, אז א מויער, ווי א מענטש לעהאוודל, דארפ האָבנ רע־מאָנט?... מע דארפ אימ גלעטנ, מע דארפ אימ פאריכטנ, מע דארפ אימ פארבנ... א מויער האָט ליב, אז מע פארבט אימ... כע־כע־כע... אָט ווי א מיידל, שיינ, ווי א ליאלקע...

די צוקלײַבערנ האָט אָנגעטאָנ איר מאנטל. זי קוקט אָפּ טאראנענ מיט פארשלאָפענע אויגנ.

— קומט, מיר וועלנ פארברענגענ גייענדיק,— זאָגט זי, מיר וועלנ אביסל אָפּכאפּנ דעמ אָטעמ...

פונ דעמ אומדערווארטנ פאָרשלאג צעקאָסענ זיכ מיטאמאָל בא טאראנענ זײַנע אלט־באָכערישע אויגנ. ער כאפּט א קוק אָפּ דעמ געשטופּלטנ פּאָנעמ פונ דער צוקלײַבערנ. זי שמייכלט צו אימ מיט אירעדיקע בלוילעכע ליפּנ אונ מיט דער קורנאָסער נאָז. אונ איידער זי באווײַזט צוגיינ צומ טיר לויפט שוינ שמועל טאראנ ארויס אפנ גאס, כאפּט אָפּ עטוואָס דעמ אָטעמ אונ קאָסענדיק אנ אויג צומ טיר פונ אנשטאלט, רוקט ער זיכ ארײַנ אינ נאָענטסטנ מאגאזינ. ער שארט זיכ מיט דער פלייצע בא דער אקאָרשט געפארבטער טיר. רײַסט אראָפּ מיטנ היטל דאָס צעטל פונ טשועק, אונ לויפט ערגעצ הינטער דער קאסע, אינ א ווײַלע ארומ לויפט ער ארויס דורכ א צווייטער טיר אונ שטעלט זיכ אָפּ ערשט באמ ראָג גאס, הארט בא א געלער וואנט פונ א פריש געפארבטנ מויער. ער דערווארט זיכ דעמ טראמוויי אונ באמערקט ניט, אז דאָס מאָל איז אימ געראמער ווי שטענדיק. קיינער שטופּט אימ ניט מיט די עלנבויגנס. מע לאָזט אימ פרײַ דעמ וועג.

ווענ שמועל טאראנ איז ניט ווײַט פונ זײַנ הויפ אראָפּ פונ טראמוויי, איז שוינ ניט געווענ קיינ סימענ פונ דער זונ! דעמ הימל האָט באדעקט א מאטאָווער גראָ. דאָכ האָט

מען נאָכ גוט געקענט זען די קאָלירטע פלעקן אפ זײַנ מאנטל און אפנ היטל. ער האָט זיכ באגעגנט מיט א שאָכנ פונ זײַנ הויפ און האָט פארדראָסיק געזאָגט:

— מע רעדט מער נישט... וואָס? ס׳האָט א ווערדע אָפּפארבנ דעם מויער? כ׳ווײ, נו... אינ דער גאנצער שטאָט אזוי...

דער שאָכנ האָט אימ אָנגעקוקט פארוווּנדערט:

— און איר האָט זיכ שוינ, כאווער טאראנ, אויסגעפוצט צום 1־טנ מײַ?...

— ווער איכ? כ׳ווײ, נו...

דער שאָכנ האָט אימ אָנגעוויזנ אפ זײַנ מאנטל און אפנ היטל. שמועל טאראנ האָט עס פארווּנדערט באטראכט און האָט געהויבנ מיט די אקסלענ.

— זע נאָר... ווּ האָב איכ זיכ געקענט אײַנשמירנ אינ פארב?...

## רוּווע רייזין



זעליק אקסעלראָדן.

האס צו די לייַט פון רייַכטום, מיטלייַד צו די לייַט פון פראצע,
האָבן דיך ניט דערנעענטערט, נאָר דערווייַטערט פון דער וועלט:
א סאָד אן אָנגעמאָלטער אפ א לייַוונט־דעקאָראציע
האָט אין דייַן קינדער־טרוים פארקריצט זיך און צעהעלט.

אפ דער וועלט, ווו איינער קוויקט זיך צווישן גרינס־אוזאָרן
און א צווייטער קוויקט זיך ווי א כאזער אין שמעטניק־קייט,
האָסטו פארהיילקט ווי אן אויסוועג אָט דעם סאָד פון לייַוונט קלאָרן —
וואָס כ'וואָלט צעריסן דאן און אפ די בלויע פיס פארדרייט.

ניט אין סאָד—אין מיסטקאסטנס און רינעס
האָב איך צעפוילטע שטיקלעך אויבס געקליבן און געקייַט.
ס'וואָלט ניט געפילט דאן דייַנע נערוון פילבארע, ווי סטרונעס דינע
מייַן הארץ, וואָס האָט אפ אלץ, כוץ אפ הינט און היימלאָזע, געשפּייַט.

כ'ווייס שוין—שיינקייט איז ניט דאָס, וואָס רייַך איז און דערווידער,
כ'ווייס שוין—איידלקייַט איז ניט דאָס, וואָס צו מיר איז גראָב:
ס'וועקט זיך אופ אין מיר אן אָדער צו א שיינקייַט א צעבליטער,
ווען איך קוק איצט אפ דייַן ווייך געקרויזטן קאָפּ.

כ'וועל שוין ניט פאראכטן אלץ, וואָס גלאנצט מיט פארבן שיינע —
ס'איז אונדזערע די שיינקייַט אין אונדזער זומער־סאָד,
וועסט שוין די נייַע וועלט ניט זוכן אין א וועלט אין א געהיימער —
ס'הייבט זיך אָן די נייַע וועלט אונטער דייַן טראָט...

האס צו די לייַט פון רייַכטום, ליבע צו די לייַט פון פראצע
האָבן דיך שוין ניט דערווייַטערט, נאָר דערנעענטערט מיט דער וועלט!
דעם סאָד וואָס האָסט געזען פארבענקט אפן לייַוונט־דעקאָראציע,
וועט זיך אפ דער וואָר נאָך וויגן גרין־צעהעלט.

## מיטן גוטמוטיק־פארקרימטן שמייכל...

ס'איז מייַן טאטע—אָט דער שוסטער
אין א קעלער־גרוב געבאָרן,
די מאמע מיט איר ברוסט דער פוסטער
פלעגט באוויינען אירע יאָרן.

ס׳פלעגט ווי א טראָפּנ פונ א כיילעוו־ליכט
איר טרער פארקאפּענ זײַנ געזיכט,
וואָס פלעגט מאָרגנע זשמורענ זיכ
מיטנ גוטמוטיק־פארקרימטנ שמייכל.

האָבנ קינדער שיינע שפּילכלעכ —
האָט ער גאס־סלופּעס אפּ קריכנ,
עסנ קינדער זיסע קיכלעכ —
ציט ער צו אינ מארק א קיכל.
כאפּט מענ, שלאָגט מענ אימ אינ מארק,
נורעט ער דעמ קליינעמ קארק
אונטער קלעפּ ווי אונטער א בארג
מיטנ גוטמוטיק־פארקרימטנ שמייכל.

ס׳האָט מײַנ מאמע פונ פולנ הארצנ
די הענט געבראָכנ אונ געיאָמערט,
ווענ מ׳האָט אינ א טאָג א שווארצנ
געשיקט דעמ טאטנ אפּ מילכאָמע.
קרעכצט די קראנקע מאמע אינ גרויל,
דער טאטע אינ אָקאָפּעס פוילט,
נאָר אָט פאלט ער פונ א קויל
מיטנ גוטמוטיק־פארקרימטנ שמייכל.

ס׳איז דער טאטע—כ׳האָב קוימ דערקענט אימ—
צוריק געקומענ אפּ א קוליע,
כ׳פלעג האלבנאכט ציִענ פאר די הענט אימ —
ער זאָל זיכ שפּעט באמ נאָל ניט טוליענ.
נאָר איינמאָל... האלבנאכט, מיטאמאָל
האָט צעכריפּעט זיכ זײַנ קאָל,
אויסגעגאנגענ איז ער באמ נאָל
מיטנ גוטמוטיק־פארקרימטנ שמייכל.

— — — — — — — — — —

טוסט מיר באנק, כאָטש כ׳בינ ניט מייכל,
וואָס דו האָסט אינ לייר געשוויגנ,
כ׳זע שוינ ניט דײַנ קנעכטיש שמייכל
אפּ מײַנ פּאָנעמ, דורכנ שפּיגל;
איצט, ווענ האס אונ ליבע שטראָמט,
וואָלסטו מיכ, טאטע, ניט דערקאָנט,
כאָטש ס׳וואָלט דיר נאָכ מײַנ בליק דערמאָנט
א שפּור פונ גוטמוטיק־פארקרימטנ שמייכל.

כ. גורעוויטש

# אָט ערשט...

דאַ האָבן ערשט געזונגען פּארטיזאנער,
ס'האָט וואָלאָטשײַעוו ערשט ניט לאנג געלאכט,
און אף די הויכע שטילע בערג כינגאנער
האָט ערשט געקײַקלט זיך א בלוטיק־שווערער שלאכט

דאָ האָט ניט לאנג אין וואסערן אמורער,
די ווונדן שטארבנדיק געוואַשט א פּארטיזאן,
אזויפיל ביינער, אזויפיל בלוט און שפּורן
פארבליבן איז בא דיר, בירעבידזשאן.

— — — — — — — — — —

נאָך פּאשען זיך אף לאָנקעס יענע פערד,
וואָס פארן טויט געקושט האָבן ארמייער,
... נאָך ליגט א ניטגעריבטע דאַ די ערד
מיט כינגאנער ארץ און שטיינקוילן בורייער...

און ווידער הייבן שלאכטן אָן זיך נײַע,
ווי אין יענעם צוואנציק ערשטן יאָר.
— — — — — — — — — — —

עס טראָגט אין הענט ארום שוין שטיקלעך פײַער
א יונגער א בורייִשער שאכטיאָר.

אזויפיל שלאכטן דארפן מיר א דורך בירעבידזשאן
ביז דײַנע אוצרעס וועלן מיר באקומען.
— — — — — — — — — — —

נאָר ס'האָט דאָך ערשט דער דרייסטער פּארטיזאן, בירעבידזשאן
בא ווײַסן פײַנט מיט בלוט דיך אָפּגענומען.

* * *

דאָס לעבן איז מיר ליב אַזוי און טײַער,
מײַן יוגנט, ווי אַ יעגלע שטענדיק גרינג,
ערשט נעכטן אויף דער פרײַלעכער טווערסקאַיאַ,
און מאָרגן צו דעם ווײַטן סאַכאַלין.

און איך בין גלײַך צו יענעם שטאָלצן פּירינג,
וואָס שיקט דעם אײַז־יאַם פון דער באַלטיק אַ געריס,
צו דער קאָמאַנדע יונגע קאָמאַנדירן,
וואָס שטורעמען דעם שנייִקן עלבּרוס.

איך בין גלײַך צו אַלעמען צו זיי,
כ'בין אומעטום מיט מײַנע יונגע אַקסל,
און ערגעץ נאָך מײַן קינדערשער געשריי
קײַקלט זיך אויף לאָנקעס און אין פלאַקסן.

ס'איז ערגעץ נאָך די וויגעלע אָט יענע,
וווּ ס'פלעגט די מאַמע זינגען מיר אַ ליד.
— — — — — — — — — — —
דער הימל שײַנט, אַזוי פיל שטערן ברענען,
כאָטש נעם אויף פעלדער הויפנסווײַס און שיט.

איך זיץ אַליין אין פענצטער און איך קוק,
דאָס גאַנצע לאַנד שווימט אויף אין מײַן זיקאָרן
— — — — — — — — — — —
האָט דען געוווּסט פון דעם דער אַלטער פּאָלישוק,
מײַן זיידע פאַר די הונדערט נײַנצן יאָרן?

— — — — — — — — — — —
דאָס לעבן איז מיר ליב אַזוי און טײַער,
מײַן יוגנט, ווי אַ יעגלע שטענדיק גרינג,
ערשט נעכטן אויף דער פרײַלעכער טווערסקאַיאַ,
און מאָרגן צו דעם ווײַטן סאַכאַלין.

ב. אָליעווסקי.

# מיטן קאָפּ אַראָפּ.

ס'קען זײַן, קינדער, אַז אויסהערנדיק דאָס דאָזיקע מײַסעלע, וועט איר באַשטימען, אַ איך בין געווען אַ צעלאָזן קינד, און אַז גע־עכט איז טאַקע געווען מײַן פעטער מענאַשע וואָס פלעגט שטענדיק אויסשפּײַען דרײַ מאָל און זיך אָפּקערן פון מיר, ווען ער פלעג מיר ערגעץ טרעפן. און עס קען זײַן, אַז איר וועט אַ טאָעס האָבן, ווי ס'האָבן ביז איצט אַ טאָעס אַלע מײַנע כאַווײרים, וואָס מיינען, אַז כ'האָב ווען עס איז געקרענקט אַף פּאָקן. עמעס, די רעכטע זײַט פון מײַן פּאָנעם האָט טאַקע סימאָנים פון אויסגעריסענע שטיקלעך פליישׁ און איז אָנגעפּילט אַזוי ווי מיט שטיפּלען. נאָר דאָס איז ניט פון קיין פּאָקן. דאָס האָט מיך אַזוי שטאַרק צעדראַפּעט מײַן כאַווער זיאַמע, ווען איך האָב אים געפירט צעשיסן...

אַלע האָבן זיך דעמאָלט געשאָסן.

כ'האָב זייער אַסאַך מאָל געזען, ווי מע הארגעט מענטשן. אָט האָבן, צום בײַשפּיל עם אונדזער שטוב דרײַ פּעטליוראָווצעס דערשטיקט זיאַמעס עלטערן ברודער. מיט אַ לאַנגן האַנטוך האָבן זיי אים אַרומגעוויקלט דעם האַלדז. איינער האָט אים צוגעהאַלטן. די איבעריקע צווײ האָבן גענומען שלעפּן די זײַטן פון האַנטוך. זיאַמעס ברודער איז בלוי געוואָרן און איז אויסגעגאַנגען. כ'האָב אויך געזען, ווי אין נאָענטן וועלדל האָבן די פּעטליוראָווצעס צעשאָסן אונדזער פאַרזיצער פון רעווקאָם וועלוול כאָדאָרקאָוו...

מיר האָט זיך אויך פאַרוואָלט עמעצן הארגענען אָדער דערשטיקן, אָבער ווי טוט מען עס, אַז קיינער לאָזט זיך ניט? כ'האָב דאַפקע איינמאָל געפּרוווט דערשטיקן מײַן קליינינקן שוועסטערקינדעלע מוציע, האָט זי מיר שיר די אויגן דערפאַר ניט אויסגעדראַפּעט. נאָר סאָפּקאָלסאָפּ האָט זיך מיר דאָס אײַנגעגעבן מיט זיאַמען, וועמעס טאַטן און ברודער מ'האָט געהאַרגעט, און פאַר וועמען קיינער האָט זיך ניט געקענט אָנעמען...

געווען בין איך דעמאָלט אַ קליין יינגעלע—ס'איז מיר געגאַנגען דאָס נײַנטע יאָר.

כ'האָב נאָך גאָר דעמאָלט ניט פאַרשטאַנען. כ'האָב דאַפקע געוווסט, אַז אַלעמען איז שלעכט, נאָר מיר איז געווען גוט.

קיינער האָט זיך גאָר דעמאָלט ניט אַרומגעקוקט אַף מיר. דער גרעסטער טייל פון שטעטל איז זיך צעלאָפן. די שול איז געווען פאַרקלאַפּט. מײַן עלטערער ברודער וועלכער פלעגט מיך שטענדיק שלאָגן, איז איצטער געלעגן אַף טיפ. מײַן מאַמע האָבן די פּעטליוראָווצעס איבערגעבראָכן אַ האַנט. מײַן ברודערל, דעם קאָמיוגיסט, האָט מען נאָר וואָס געבראַכט פון פראָנט מיט אַ דורכגעשאָסענער פוס.

דער איינציקער געזונטער בין איך געווען.

עמעס, בא מיר איז געווענ א פולע האלדז מיט ווונדנ. דער דאָקטער האָט געזאָגט, אז ס׳איז דערפֿאר, ווײַל איכ האָב ווייניק בלוט אונ אז מע דארפֿ מיכ בעסער א ביסל האָדעווענ. נאָר דער דאָקטער איז געווענ ווי א פארזשאווערטער זייגער. די שטוב האָט געברענט אונ ער האָט געסקריפעט. מיר האָבנ קוימ געקריגנ קלײַענ, אונ ער האָט אונדז געהייסנ טרינקענ אייער. א נארישער דאָקטער געווענ!...

עסנ פלעג איכ מערסטנטייל שטשאווע. אונ מיינט ניט, אז ס׳איז אזוי גרינג אימ צו געפינענ. מע דארפֿ זיכ עס גוט אויסלערנענ, ווײַל ס׳איז דאָ מענטשישער אונ פערדישער שטשאווע. דעמ פערדישנ קענ מענ גאָר אינ מויל ניט נעמענ. פונעמ מענטשישנ קענ מענ מאכנ באָרשטש... אויסער שטשאווע איז נאָכ ניט שלעכט אקאציע־צוויט. ער איז זיס. נאָר אסאכ טאָר מענ אימ ניט עסנ. ניט שלעכט זײַנענ אויכ די ווײַסע טיילנ פונ לעפעכעס. אונ מיט לעפעכעס זײַנענ פול די סאזשעלקעס אונטער אונדזער שטעטל.

איז מיר טאקע דעמאָלט גוט געווענ, קינדער. א וועלט איז ארומ מיר אונטערגעגאנגען, אונ איכ בינ א פריילעכער, א לעבעדיקער ארומגעשפרונגענ איבער אירע בראָכשטיקער. אלע האָבנ זיכ דעמאָלט געשלאָגנ אונ מיר איז עס זייער געפעלנ געווענ.

סע שלאָגנ זיכ די באָלשעוויקעס מיט די פעטליוראָווצעס. די אַרײַנ—די ארויס. קימאט אלע טאָג בײַטנ זיכ די מאכטנ אינ שטעטל, פונקט ווי זיי וואָלטנ זיכ שפילנ.

אינ שטעטל האָט מענ בעסער ליב די באָלשעוויקעס. אז סע קומענ די פעטליוראָווצעס אנטלויפט מענ, אָדער מע באהאלט זיכ. איכ האָב אויכ בעסער ליב די באָלשעוויקעס.

אָט, צומ בײַשפיל, דארפנ אנטלויפנ די באָלשעוויקעס. ס׳א טומל, א גוואלד, א שיסערײַ. אונ איכ בינ שוינ אינ שטאב. מע באווײַזט קיינמאָל ניט אלצ עוואקוירנ. אונ דעמאָלט בינ איכ אפנ זיבעטנ הימל. איכ לויפ ארומ איבער די אָנגעוואָרפענע ארומגעריסענע שטאב־צימערנ. וואָס איכ דערזע אונטער דער האנט שלעפ איכ, טעלעפאָנענ—איז טעלעפאָנענ, טינטערס, פאפיר, א פארזשאווערטע שפיז פונ א ביקס, פאטראָנטאשנ, פאטראָנעס אונ דאָס סאמע וויכטיקסטע—טעלעפאָנ־דראָט. דעמ טעלעפאָנ־דראָט הייב איכ נאָכ אָנ ארומשנײַדנ ביז איכ קומ אינ שטאב.

— ברעכ! רײַס!—פלעגט שרײַענ צו מיר אונדזער קאָמיסאר וועלוול כאָדאָרקאָוו (ער האָט נאָכ דעמאָלט געלעבט)—האק! אז סע זאָל זיי גאָרניט ניט איבערבלײַבנ!...

אונ איכ רײַס דעמ דראָט מיט גרויס כיישעק. פונעמ דראָט מאכ איכ גלענצנדע נאהײַקעס. נאהײַקעס קענ מענ אויכ מאכנ פונ געלע ווערבע־צווײַגנ. נאָר פונ ווערבע ווערט גיכ די נאהײַקע אויסגעטריקנט אונ אינ עטלעכע טעג ארומ איז זי שוינ ווערט א זעצ אינ דער ערד. אנ אנדער זאכ איז פונ טעלעפאָנ־דראָט. בעסער פונ אלצ איז זי פלעכטנ אינ אכטנ. צומ סאָפ איז נאָכ גוט ארײַנפלעכטנ א באזונדער דראָטל. דעמאָלט ווערט עס שוינ איינמאָל א נאהײַקע. זי איז אי שטארק, אי וייכ, אונ אז איר גיט א פאָכ מיט איר אינדערלופטנ — פײַפט זי, ווי אנ עמעסער שראפנעל. פונ שלאָגנ איז שוינ אָפגערעדט. דערלאנגענ עמעצנ אינ פאָנעמ—ווערט גלײַכ א בלויע קישקע, אונ די באק ווערט ווי א בארג.

אויסער נאהײַקעס האָב איכ נאָכ ליב פערד, ביקסנ, קוילנ—ביכלאל אלצ, וואָס ס׳דערנעענטערט מיכ צו די גרויסע.

כ׳האָב אפילע געזוענ נאָכמאכנ דאָס געגנגעלע פונעמ קאָמיסאר. וועלוול האָט א ביסעלע געהונקענ. האָב איכ אויכ אונטערגעהונקענ. די אָפצאסנ פונ זײַנע שטיוול זײַנענ געווענ ויסגעדרייט, האָב איכ געטאָנ אלצ, אז מײַנע אָפצאסנ זאָלנ זיכ אויכ אויסדרייענ. אינ עטלעכע וואָכנ ארומ בינ איכ שוינ געגאנגענ אפ איבערגעקערטע שטיוול.

דרײַ טעג האָב איך געדרעווועט אין שטוב און קיינעם ניט געלאָזן לעבן און מ׳האָט מיר געמוזט אופנייען פון א דינעם צוקער־זעקל א פּאָר ברייטע הויזן גאַליפע, אַזוי אַז כ׳האָב אויסגעזען ווי אַן איבערגעקערט פלעשל.

צו די דאָזיקע הויזן גאַליפע האָט מיר נאָך א באַקאַנטער קירזשנער אָוועקגעשענקט א קאַרטוז. איך ווייס גאָרניט, ווו ער האָט אים געפּאַקט. נאָר מיר איז דער קאַרטוז זייער געפעלן געוואָרן. ער איז געווען מיט א בלוט־רויטן אָקאָלאָשעק, מיט א גרינעם געווענ־טענעם פונפאָרנט, אַפּ וועלכן ס׳איז נאָך געבליבן אַן אָוואַלער סימען פון אַן אַמאָליקער קאָקאַרדע. וועגן דעם שוואַרצן גלאַנצנדיקן דאַשעק וויל איך שוין גאָרניט ריידן. ס׳איז שוין געווען איינמאָל א היטל!

שלעכט איז נאָר, וואָס דער קאַרטוז איז געווען אַביסל גרויס אַפּ מיר. אייגנטלעך ניט קיין ביסל, נאָר אַפּילע זייער שטאַרק. כ׳האָב געדאַרפט אָנשפּאַרן א היפּש ביסל פּאַ־פּיר, אַז ער זאָל מיר ניט אַריבערפאַלן איבער די אויגן. נאָר שוין אַפּילע נאָכן פּאַפּיר, האָט ער זיך נאָך אַלץ געדרייט אַפּ מײַן קאָפּ ווי אַפּ שאַרנירן. כ׳האָב גאָרניט געקענט אײַנהאַלטן דעם דאַשעק אַפּ דעם מיטן—אָט איז ער געווען לינקס און אָט האָט ער שוין געשטעקט רעכטס.

אין שטוב בא אונדז איז די היטל ניט געפעלן געוואָרן. ווען איך בין אַרײַן אין מײַן גאַליפע־הויזן, אינעם שטייענדיקן קאַרטוז און מיטן רויטן באַנד אַפּן העמדל, געדענק איך, אַז די מאַמע האָט אַזש צעפּנט די אויגן פון שרעק און דער טאַטע האָט אַזש פאַרבראָכן די הענט:

— גלײַך,—האָט ער געזאָגט,—זאָל איך אויסטאָן דעם מאַקעטערעץ, אויב ניט וועט ער מיר אַראָפּדרייען דעם קאָפּ.

דעם קאָפּ האָט ער מיר ניט אַראָפּגעדרייט, ווײַל איך בין גלײַך אַנטלאָפן. איך בין אים ניט געפעלן געוואָרן, דערפאַר בין איך געפעלן געוואָרן מײַנע כאַווײרים.

אַלע זײַנען מיר מעקאַנע געווען אַפּ דער היטל, און אַלע האָבן מיר געזאָגט, אַז איך זע אויס זייער „סטראַשנע״, פון וואָס איך בין געווײנלעך זייער צופרידן געווען...

און דעמלט קען זײַן איז דאָס מיר אַרײַנגעפאַלן די וווּנדערלעכע אידיי פון צעשיסן און עפּשער נאָך אַסאַך פריער.

איך בין געזעסן מיט מײַנע כאַווײרים אַפּ די קלעצער, וואָס לעם אונדזער שטוב. מיטאַמאָל האָט עס מיך אופגעטראָגן. איך בין אַרופ אַפּ דער העכסטער קלאָץ און שטיקנ־דיק זיך פון אומגעדולד, האָב איך זיך געווענדעט צו מײַנע כאַווײרים:

— אוראָם, סראָליק און זיאַמע,—האָב איך געזאָגט,—מיר דאַרפן גלײַך צונויפרופן אַלע קינדער און זיך אָנהייבן שלאָגן. אַלע האַרגענען זיך, אַלע שיסן זיך, נאָר מיר אַליין גייען אַרום לײדיק.

און געשטאַנען זײַנען מיר דעמלט אין פירען, איך, אוראָם, סראָליק און זיאַמע, מאַלקע דער נייטערס. כ׳האָב גאָר קיינמאָל ניט געזען בא זיי אַזוינע ברענענדיקע אויגן. זיי האָבן אַזש אופגעשפּרונגען פון פרייד.

אַרום איז ווי שטענדיק געווען שטיל. אַלע לאָזן זײַנען אין שטעטל פאַרמאַכט געווען. פון אַלע זײַטן האָט זיך געהערט א ווײַטע שיסערײַ. און די שיסערײַ האָט אונדז געמונטערט און אונדז אָנגעפילט מיט העלדישקײַט.

פארנ אטאמאנ האָט מענ מיכ אויסגעקליבנ. אונ ניט דערפאר, וואָס איכ בינ שטארקער געוועזנ פ'נ זיי. אווראָם־לייזער יאָסיס קענ מיכ מיט איינ פינגער אוועקלייגנ. איכ בינ געוועזנ אסאכ קלענער פונ זיי. מ'האָט מיכ אָבער אויסגעקליבנ דערפאר, ווײַל קיינער האָט ניט געהאט אזעלכע שיינע גאליפע־הויזנ, אזויפ־ל טעלעפאָנ־דראָט, קוילנ אונ דאָס סאמע וויכטיקסטע—אזא גוואלדיקנ קארטוז אונ אזויפיל פאנטאסטישע פלענער.

אווראָם אונ סראָליק זײַנענ געוועזנ פונ איינ גאס מיט מיר. זיאמע האָט געוווינט אפ א צווייטער גאס. אונ דערפאר טאקע האָט זיכ געטראָפנ דער אומגליק. אונ דער אומגליק האָט זיכ געטראָפנ נאָר, ווײַל זיאמע האָט אונדז פאראטנ. שטעל זיכ פאָר, אז ער איז גלײַכ אנטלאָפנ פונ אונדז אונ זיכ געמאכט א צווייטע באנדע.

א האלב שטעטל איז געוואָרנ מײַנ טעריטאָריע. דאָס איבעריקע ש-עטל איז געוואָרנ זיאמעס.

ער האָט זיכ גערופנ באָלשעוויקעס אונ מיר האָבנ זיכ גערופנ באָלשעוויקעס. מיר האָבנ זײַנ באנדע גערופנ פעטליראָווצעס אונ ער האָט אונדזער באנדע גערופנ פעטליוראָווצעס. אונ מיר זײַנענ געוואָרנ אפ מעסער־שטעכ.

אלע קינדער האָט ארומגעכאפט א געשלעג-מאגייפע. די קינדער פונ זיאמעס באנדע האָבנ זיכ ניט געטאָרט באווײַזנ אפ מײַנ גאס, אונ אונדזערע קינדער אפ זײַנער. מיר האָבנ געלעבט אינ א מינ בלאָקאדע. פונ פארטאָג ביז אפדערנאכט פלעגנ מיר זיכ ארומטראָגנ צעדראפעטע מיט אונטערגעשלאָגענע אויגנ אונ פארבאנדאזשעוועטע פיס—אונ פאָרויס איכ אינעם בלוט־רויטנ קארטוז מיט די שיינע גאליפע־הויזנ אונ אונטער מיר מיט הורא, מיט א פײַפערײַ אלע קינדער פונ מײַנ גאס.

איבערהויפט פלעגנ מיר זיכ שלאָגנ מיט שטיינער. נאָר אזויווי קיינ שטיינער זײַנענ ניט געווענ, פלעגנ מיר ארויסרײַסנ די וואפנע, דעמ טינק, די ציגל פונ די ארומיקע הײַזער. צוליב ארומגעריסענעמ טינק אונ וואפנע האָבנ קימאט אלע הײַזער אינ שטעטל אויסגעזעענ ווי סקעליעטנ. די ביינער פונ די גרויע אָפגעשלאָגענע ברעטער אונ דראגעצקעס האָבנ אויסגעזענ ווי ארומגעשינדענע מייסים.

נאָר מיינט ניט, אז מיר האָבנ זיכ געשלאָגנ נאָר מיט שטיינער. ביקסנ האָבנ מיר אויכ געהאט, אונ זיי זײַנענ געווענ גאָרניט קיינ שלעכטע. מיר מאכנ זיי אליינ. פונ א גראָב ברעטל שניצט מענ אויס א הענטל מיט א „לאָזשע“, אזוי, אז סע זאָל אויסזענ ווי „אנ עמעסע ביקס“. נאָכדעמ מאכט מענ אינ דער לאָזשע א קאָרעטקעלע. אינעמ קאָרעטקעלע פעסטיקט מענ גוט אײַנ א מעטאלנ רערל, וואָס דארפ פונ אונטנ זײַנ גוט פארשטעקט. נאָכדעמ פײַלט מענ אויס אינ רערל א קליינ־מאָנטשיק לעכעלע. אינעמ רערל שיט מענ אָנ פולווער. פארשטעקט פעסט מיט א פאפירל. אינעמ לעכעלע, דורכ וואנענ סע זעט זיכ ארויס דער פולווער, דארפ מענ אָנבראָקנ סירקע פונ שוועבעלעכ. אונ אז מע וויל אויסשיסנ, דארפ מענ צולייגנ אנ אָנגעצונדנ שוועבעלע צו דער סירקע. די סירקע צינדט אונטער דעמ פולווער, אינ רערל הייבט אָנ זשויענ. אונ א גוואלדיקער פלאַמ פליט ארויס פונ אײַער ביקס.

אונ מעטאלענע רערלעכ איז זייער גרינג צו קריגנ. לעמ דער מיליציע וואלגערנ זיכ זייער אסאכ רעקוויזירטע אונ צעבראָכענע בראָנפנ־מאשינעס. די מאשינעס באשטייענ פונ אזעלכע פעסלעכ, בלעכענע טעלער אונ דאָס סאמע וויכטיקסטע פונ א וועלט מיט רערלעכ. אלצדינג נעמענ מיר צו. די רערלעכ גייענ אפ ביקסנ אונ פונ די פעסלעכ אונ בלעכענע טעלער מאכנ מיר גלענצנדיקע פויקנ אונ טאצנ. אז א 30־40 קינדער הייבנ אָנ קלאפנ אינ

זיי, זאָגט מײַן מאמע, אז זי וויל בעסער שטארבן. אונדז געפעלט עס זייער. פוּלווער האָבן מיר אויך אסאך. מיר האָבן א וועלט מיט פּאטראָנעס פון וועלכע איר ווילט נאָר—ענגלישע, קליינינקע און שפּיציקע מיט געלן פּולווער ווי לאנגע דינינקע לאָקשעלעך. די רוסישע קוילן זײַנען א ביסעלע גרעסער, און דער פּולווער איז שוין שווארצער און אָנגעבראָקט ווי קליינינקע קורציקע שטעקעלעך. די עסטרײַכישע איז גרינגער פון אלצ צו דערקענען. איר קויל איז ניט קיין שפּיצ׳כיקע, נאָר א טעמפּע און פּארקײַלעכיקטע און דער פּולווער איז א גלאנציק־שווארצער און דערמאָנט קליינע בלעטעלעך, נאָר קיין אונטערשייד איז אין די פּולווערס ניטאָ. אלע זײַנען גוט. די קוילן דארפן מיר ניט. מיט די הילזעס איז עפּעס אנדערש. מיט זיי שפּארן מיר אָן די קעשענעס—און אז מיר לויפן קלינגט און סע דרינדזשעט.

אין שטוב קום איך שטענדיק אין מײַן באוואָפענונג. מיט די הענט אין די קעשענעס, דעם קאָפּ אויפגעהויבן, מיט א געשריי און מיט א גוואלד: עסן!!!

מײַנע סאטע הייבט גלײַך אָן קרעכצן. ער האלט, אז די וועלט קערט זיך איבער, און אז די קינדער ווערן משוגע. די מאמע שווײַגט אינגאנצן. די מאמע איז נאָך דארער און קלענער געוואָרן ווי געווען. איר לינקע האנט איז אינגאנצן אין גיפּס. בא מײַן פארוואונדעטן ברודער, זאָגט דער דאָקטער, וועט מען דארפן אראָפּנעמען דעם פוס. דער ברודער רופט מיך צו צו זיך. ער זאָגט מיר, אז איך האלט זיך זייער ניט שיין... עפּעס וויל ער מיר נאָך זאָגן, נאָר זײַן פּאָנעם ווערט אזש אויסגעקרימט פון ווייטעק, זײַן בלייכער אויסגעדארטער פּאָנעם גיט זיך א וואָרף אף דער קישן. סע מאטערט אים שרעקלעך די ווונד.

אין שטוב איז פינצטערלעך און אומעטיק. אזוי אומעטיק, אז סע ווילט זיך אזש וויינען.

— ארל,—רופט איך. ארל שווײַגט.

און מײַן פעטער מענאשע שפּײַט שוין. ער זאָגט, אז מע דארף מיר בעסער סאמען, איידער איך זאָל אזוי אויסוואקסן. מײַן מאמע צעשרײַט זיך אף אים, אז ער זאָל איר אויפהערן זאלצן אף די ווונדן. איך בין מיט איר אינגאנצן מאסכים. ווען מײַן פעטער מענאשע זאָל ניט זײַן קיין אלטער ייִד, נאָר זײַן אין מײַנע יאָר, וואָלט איך אים איצטער געשלאָגן, געהארגעט. ווײַל ס׳איז מיר עפּעס זייער שלעכט און איך בין זייער הונגעריק.

איך גיי ארויס אין דרויסן. איך זעצ זיך אוועק אף די קלעצער, אין גאס איז שטיל. איך בין שרעקלעך בייז. לעם אונדזער שטוב שטײַט א כאזער, כאזיירים האָב איך פײַנט. כ׳קלאפּ אים גלײַך אונטער א פיסל. ער קוויטשעט, איך בין צופרידן, ווײַל איך בין בייז און איך וויל עסן.

מיטאמאָל האָט מיר עפּעס א הייב געטאָן פונעם אָרט. כ׳האָב דערהערט ווי פונדערווײַטן קלאפּן די טאצן פון מײַן באנדע. דער בלעך האָט געקלונגען אין דער שטילקײַט און אפּסנײַ אויפגעוועקט מײַנע קריגערישע אינסטינקטן. און באלד האָט זיך באוויזן די פּראָצעסיע. אווראָם, סראָליק און נאָך קינדער האָבן געפירט צו מיר זיאמען. זיי האָבן אים געכאפּט אף אונדזער גאס. ער איז געגאנגען אין אפּטייק נעמען א רעצעפּט פאר זײַן מאמען.

איצטער בין איך געשטאנען אויג אף אויג מיט מײַן סוינע. מײַן סוינע איז געווען א קלײנקער און א גראָבינקער. ער האָט געהונגערט פּונקט ווי מיר, נאָר געווען איז ער ווי א קלעצל און זײַנע בעקלעך זײַנען געווען ווי פּאָמפּעשקעס.

ניט קוקנדיק מיר אינ פּאָנעמ האָט ער געבעטנ, אז איכ זאָל אימ אָפּלאָזנ גיכער אינ אפּטייק, וויַל זיַנ מאמענ איז זייער שלעכט.

כ'האָב ארויסגערוקט מיַנ רעכטע פוס פאָרויס אונ די הענט האָב איכ פארלייגט אפ אונטנ דאָס האָב איכ אזוי נאָכגעטאָנ דעמ פעטליורישנ אָפיצער, וואָס האָט געפירט שיסנ דעמ פאָרזיצער פונ רעווקאָמ וועלוול כאדארקאָוו. איכ האָב זיכ גלענצנדיק אויסגעלערנט שפּיַענ דורכ די ציינ אונ איכ האָב אימ אויכ אָנגעשפּיגנ אינ פּאָנעמ, פּונקט ווי דער אָפיצער וועלוולענ.

— צעשיסנ!—האָב איכ א געשריי געטאָנ צו די יאטנ.—פירט אימ אינ וועלדל!...

איכ בינ געגאנגענ פאָרויס אונ געפאָכעט מיט דער נאהײַקע. אונטנ זיַנענ געגאנגענ די יאטנ אונ געקלאפּט אינ די טאצנ.

זיאמע האָט אפּ א קאָל גערעוועט. כ'האָב אימ געהייסנ שטיל ווערנ.

— וועלוול האָט ניט גערעוועט פארנ צעשיסנ!— האָב איכ צו אימ אויסגעשריענ. ס'איז געוואָרנ שטיל.

מיר זיַנענ געגאנגענ זיכ טרינקענדיק ביז איבערנ קאָפּ אינעמ לאָנקע-גראָז. ארומ אונ ארומ האָבנ נאָכ געקוואַקעט פרעש אינ די סאזשלקעס. אינ דער פארנאכטיקער לופט איז ארומגעשווומענ א ציטערדיקער געוויינ פונ פליגעלעכ אונ קאָמארנ. א וויַטער ווינט־ מיל האָט געפאָכעט מיט די הענט.

דאָס קליאָנענ־וועלדל איז געווענ א יונגס אונ א געדיכטס. אינ די זוניקסטע טעג איז דאָרטנ געווענ פינצטער, נאס אונ קיל. דאָ—א ביסעלע וויַטער האָט מענ צעשאָסנ וועלוולענ.

די צוויַגנ פלעכטנ זיכ איבער אונ דראפּענ אינ פּאָנעמ. די ערד איז נאס אונ פּוכקע, אונ קוויטשעט ווי יונגיקע הינטעלעכ אונטער אונדזערע פיס. איכ פיר אימ צו יענעמ ביימל ווו ס'איז נאָכ אפילע געבליבנ דאָס לעכל פונ דער קויל.

מיַנע כאווירימ סראָליק אונ אוראָמ ווערנ באגיַסטערט. מיר הויבנ אימ אָנ צובינדנ צומ בוימ. זיאמע שריַט ווי א געקוילעטער אונ דערלאנגט מיר מיט זיַנ בלאָטיק פיסל נינ נאָז. סע גייט שוינ פונ מיר בלוט. איכ ווער נאָכ בייזער. כ'גיי אָפּ פונ אימ. איכ הייב אופּ מיַנ ביקסל. צינד אָנ א שוועבעלע, לייג צו צו דער סירקע. א גוואלדיקער פלאמ גיט זיכ א טראָג אפּ זיאמענ. ער האָט זיכ פארשטעלט די אויגנ. דערפאר איז ער ניט בלינד געוואָרנ: איכ קלאפּ מיט דער נאהײַקע, וווהינ ס'מאכט זיכ. די איבעריקע צוויי קלאפּנ אימ אינ פּאָנעמ אונטער די אויגנ...

דער ערשטער האָט זיכ דערשראָקנ סראָליק. ער האָט זיכ דערשראָקנ, וויַל זיאמע האָט אופגעהערט שריַענ. ער האָט שוינ נאָר געקרעכצט.

— ס'א גאָרניט—האָב איכ געשריענ צו סראָליקנ,—יעדער געהארגעטער שריַט ביז ער ווערט שטיל. וועלוול האָט אויכ זיכ געוואָרפנ, ווענ מע האָט אימ געשאָסנ.

נאָר מיַנ צווייטער כאווער האָט אויכ אימ אופגעהערט שלאָגנ.

א קאָסער פארנאכטיקער שטראל איז געפאלנ אפּ אונדז. דער שטראל איז פול אונ פול געווענ מיט דינע שטויבעלעכ. די שטראל בלישטשעט אינעמ פארגאָסענעמ בלוט.

ערשט איצטער דערזע איכ, אז זיאמעס קאָפּ האָט זיכ אראָפּגעלאָזט אפּ א זיַט, אז ער שטייט שוינ ניט אפּ די פיס, נאָר הענגט אפּ די צוגעבונדענע הענט.

— זיאמע, זיאמע!—האָב איכ געשריענ,—ס'איז דאָכ אפּ קאטאָוועס, זיאמע...

נאָר זיאמע ענטפערט ניט. כ'האָב שוין געוואָלט אנטלויפן, ווי פלוצים האָב איך אין וועלדל דערהערט געשרייען, גוואלד.

מע לויפט.

איך זע שוין מײַן טאטן. מײַן טאטע זעט איצטער אויס ווי אן עמעסער גאזלען...

* * *

מ'האָט מיך נאָך קיינמאָל אזוי ניט געשלאָגן ווי דעמלט. איך ליג אין שטוב און דער טאטע, ווי א מעשוגענער, פאטשט, און איך שרײַ ווי א געקוילעטער.

— מיימעס! מיימעס! — שרײַט מײַן פעטער מענאשע — ס'זאָל אזוינס גאָר ניט דערלעבן אויסוואקסן.

מײַן פארוווּנדעטער ברודער קרעכצט און בעט מיר אופהערן שלאָגן. די מאמע וויינט און איך רעווע נאָך העכער, נאָך שטארקער.

און איך וויין ניט אזוי פונעם שלאָגן, ווי פון דעם, וואָס איך ווייס ניט וואָס מע האָט צו מיר, פארוואָס מעגן זיך די עלטערן שלאָגן, הארגענען, שיסן און פארוואָס טאָר איך קיינעם ניט טשעפען און קיינעם ניט שיסן...

און כ'ליג אפן דיל און איך האָב שוין קיין קויעך ניט שרײַען.

מײַן מאמע זיצט לעבן מיר מיט איר ווײַסער גיפסענער האנט און בעט מיך שטיל ווערן.

דער ברודער שרײַט עפעס פון היץ.

אין שטוב ווערט פינצטערער און פינצטערער, און איך בין אזא קליינינקער און כ'וויס גאָרניט און פארשטיי גאָרניט.

און זיך אײַנורענדיק אין דער מאמען, ווער איך א מידער און אן אויסגעמוטשעטער אנשלאָפן.

א. ס. יענוקידזע

# פאר פארפעסטיקנ די סאָוועטנ—די אָרגאנענ פונ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור.

די וואלנ אינ די סאָוועטנ איז די גרעסטע מאסנ־פּאָליטישע קאָמפּאניע שוינ דערפאר וואָס זי כאפּט ארומ דורכויס די גאנצע ארבעטנדיקע באפעלקערונג פונ אונדזער לאנד. די באדײַטונג פונ דער דאָזיקער קאמפּאניע וואקסט אויס באזונדערס, אויב מע זאָל נעמענ אינ אכט דאָס, וואָס עס קומט פאָר הינטער אונדזערע גרענעצנ, אינ דער קאפּיטאליסטישער וועלט.

די היסטאָרישע באדײַטונג פונ די זיגנ, וועלכע מיר האָבנ דערגרייכט אינ דער סאָציאליסטישער בויונג, איז אנערקענט געוואָרנ אפילע דורכ אונדזערע סאָנימ. דאָס סאָוועטנלאנד, וואָס בויט דערפאָלגרײַכ אונ פעסט דעמ סאָציאליזמ, איז געוואָרנ די פאָנ פונ קאמפּ אונ פונ די האָפענונגענ פונ די ארבעטנדיקע אינ דער גאנצער וועלט. אינ טיפ אזיע—אינ כינע, אינ ווײַטנ ווינקל פונ אייראָפּע — אינ שפּאניע, אפנ טראנסאָקעאנישנ אינדזל קובע—אומעטומ דעקלארירנ די פּראָלעטאריער די סאָוועטנ, אלס לאָזונג פונ זייער קאמפּ, אלס סימוואָל פונ זייערע הײַנטיקע אונ קומענדיקע זיגנ.

די ארבעטנדיקע פונ דער גאנצער וועלט ווייסנ, אז אינעמ לאנד פונ די סאָוועטנ זײַנענ די מענטשנ פונ ארבעט די באלעבאטימ פונ זייער לאנד אונ פונ זייער גורל.

דער טיפסטער קריזיס פונ קאפּיטאליזמ, וועלכער האָט אנטפּלעקט דעמ באנקראָט פונ די בורזשואזע געזעלשאפטלעכע באציִונגענ, די שארפע ארבעטלאָזיקײַט אינ אלע לענדער פונ קאפּיטאליזמ, די פאראָרעמונג פונ די ברייטסטע פאָלקס־מאסנ אינ די „פּ א ָ ר ג ע ש ר י ט ע נ ע״ לענדער פונ דער בורזשואזער דעמאָקראטיע, די פאנאנדערפאלונג פונ פארלאמענטאריזמ אונ דער אָנגריפ פונ פאשיזמ, דאָס אָפּנעמענ די וואל־רעכט בא גאנצע שיכטנ פונ די ארבעטנדיקע מאסנ—דאָס אלצ צווינגט ניט נאָר דעמ פּראָלעטאריאט אונ דאָס פויערטומ, נאָר אויכ א באדײַטנדיקנ טייל פונ דער אינטעליגענצ פונ די דאָזיקע לענדער צו אנטוישנ זיכ אינ אלע צוזאָגנ אונ מאָסמיטלענ פונ די קאפּיטאליסטישע רעגירונגענ אונ זענ זייער רעטונג אפנ אײנציק ריכטיקנ וועג—אפנ וועג פונ סאָוועטנפארבאנד.

אינ די באריכט-איבערוואל־פארזאמלונגענ פונ די סאָוועטנ וועלנ ב א א ו נ ד ז אָנטיילנעמענ העכער 90 מיליאָנ מענטשנ. אינ אלע ווינקלעכ פונ אונדזער גרויסנ פאָטערלאנד, הינטערנ פּאָליאר־קרײַז אונ אינ מיטל־אזיע, בא די מײַרעוו־גרענעצנ אונ אפנ ווײַטנ מיזרעכ, אינ סיביר אונ טראנסקאווקאז וועלנ די אָנפירער אונ דעפּוטאטנ פונ די סאָוועטנ

ארױסגײן אפ די דאָזיקע פארזאמלונגען, קעדײ צו אָפּגעבן אױסשעפּנדיקע באריכטן פאר זײערע װײַלער.

אין אלע װינקעלעך פון סאָװעטנפארבאנד װעלן די װײלער אונטערפירן די סאכאקלען פון די קאָ־אָפּאלע װירקלעך־היסטאָרישע דערגרײכונגען פון 170־מיליאָניקן לאנד, װאָס בױט דעם סאָציאַליזם, ניט געקוקט אפ די פיל שװעריקײַטן פון דער דאָזיקער ניט געזעענער זאך אין דער װעלט.

די ארבעטער, קאָלװירטניקעס, אינדיװידואַלן, אָנגעשטעלטע, קעמפער פון דער רױטער ארמײ און רױטן פלאָט, פליִער, אינזשענערן, טעכניקער, קאָלװירטישע בריגאדירן, טראקטעריסטן, די לערן־יוגנט — מענער און פרױען אין די שטעט און דערפער, אפ די נײַע בױונגען און שיפן, אפ די געװערב: און אין די שאכטעס, אין די סאָװירטן — אומעטום װעלן זײ אָפּשאצן די ריזיקע דערפאָלגן פון זײער לאנד. און באשטימענדיק די קרעפטן און די װעגן, מיט װעלכע עס זײַנען דערגרײכט געװאָרן די דאָזיקע היסטאָרישע זיגן, װעלן מיר נאָכאמאָל דערמאָנען די װערטער פון כ׳ סטאלינ:

„דאָס איז פריִער פון אלץ די אקטיװקײַט און זעלבסטאָפּפערדיקײַט, דער ענטוזיאַזם און די איניציאַטיװ פון די מיליאָניקע מאסן ארבעטער און קאָלװירטניקעס, װעלכע האָבן אנטװיקלט צוזאמען מיט די אינזשענער־טעכנישע קרעפטן א קאָלאָסאלע ענערגיע אפ פאנאנדערװיקלען דעם סאָציאַליסטישן געװעט און שלאָגלערײַ. עס קען ניט זײַן קײן צװײפל, אז אָן דעם װאָלטן מיר ניט געקענט זיך דערשלאָגן דעם ציל, װאָלטן מיר ניט געקענט א רוק טאָן זיך פאָרױס אפ קײן אײן טראָט.

דאָס איז, צװײטנס, די פעסטע אָנפירונג פון דער פארטײ און רעגירונג, װעלכע האָבן גערופן די מאסן פאָרױס און זײַנען בײַגעקומען אלע און אלערלײ שװעריקײַטן אפן װעג צום ציל.

דאָס איז, לעצטנס, די באזונדערע מײַלעס און פאָרצוגן פון דער סאָװעטישער װירטשאפט סיסטעם, װעלכע אנטהאלט אין זיך קאָלאָסאלע מעגלעכקײַטן, װאָס זײַנען נײטיק אפ צו בײַקומען אלע און אלערלײ שװעריקײַטן.

דאָס זײַנען די דרײַ גרונט־קרעפטן, װעלכע באשטימען דעם היסטאָרישן זיג פון פּסטר". [1]).

די זעלבע קרעפטן װעלן אױך אפ װײַטער באשליסן די נײַע זיגן פון סאָציאַליזם.

אין רעזולטאט פון די סאָציאַליסטישע זיגן זײַנען פאָרגעקומען קאָלאָסאלע פּאָליטישע איבערוקן אין דער מאסע װײלער פון פּסטר. אין א קאָלאָסאלער מאָס איז אױסגעװאקסן די צאָל פון ארבעטער־קלאס, װאָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם אװאנגארד פון די ארבעטנדיקע. מיליאָנען נעכטיקע אינדיװידואַלן ארבעטן אין די קאָלװירטישע רײען, פארברײטערנדיק דעם זיכערן אָנשפאר פון דער סאָװעטנמאכט אין דאָרף. אין אלע שיכטן פון דער אָרגאניזירטער ארבעטנדיקער באפעלקערונג זײַנען ברײט אנטװיקלט די פארשײדנארטיקע פאָרמען פון סאָציאַליסטישן געװעט און שלאָגלערײַ. דורכן שאפן די פּאָליט־אָפּטײלן איז פארשטארקט געװאָרן די אָנ ירונג פון אונדזער פארטײ אין דער לאנדװירטשאפט און אפן טראנספּאָרט. די סאָװעטישע אָרגאניזאציעס זײַנען ארומגערינגלט מיט א מאסנאקטיװ פון ארבעטער און קאָלװירטניקעס, װאָס האָט שױן אָנגעזאמלט דערפארונג. די זעלבסטקריטיק װערט אלץ א מער װירקזאמ געצײַג קעגן יעטװידער אינערטקײַט,

---

[1]) סטאלינ.—סאכאקלען פון ערשטן פינפיאָר".

אָפּגעשטאַנענקייט און פעלערן אין דער ארבעט. און אלס היינטיקער סאַכאַקל פון דעם דאָזיקן פּאָליטישן וווּקס פון די מאסן, אלס דער בעסטער אויסדרוק פון זייער איבערגע־ געבנקייט דער זאַך פון סאָציאַליזם, אלס צייכן פונעם גרעסטן צוטרוי צו דער פּאַרטיי או דער סאָוועטנמאַכט, באמערקן מיר אין די דאָזיקע טעג א שטורמיש־וואַקסנדיקן פּראָדוציר־ אופשטייג פון די ארבעטער און קאָלווירטניקעס, וועלכע טראָגט אנטקעגן דעם 7־טן אל־ פארבאנדישן סאָוועטן־צוזאמענפאָר דאָס באַצייטנס און פארן טערמין אויספילן די פּאָלק־ ווירטשאַפטלעכע פּלענער און פארפליכטונגען פאר דער מעלוכע.

און דער פאַקט, וואָס אינעם דאָזיקן פּראָדוציר־מאַרש א. נ. פון 7־טן סאָוועטן-צו־ זאמענפאָר באטייליקן זיך ברייטע קרייזן ספּעציאַליסטן פון פארשיידענע צווייגן פון דע בויונג, רעדט וועגן א פריידיקער דערשיינונג: עס פארשטארקט זיך די צוזאמענגעשלאָסנ קייט צווישן די טוער פון־דער פיזישער און אינטעלעקטועלער ארבעט. מענטשן פון הע כערע פּראָפעסיעס און פון א הויכער וויסנשאַפטלעכער קוואַליפיקאַציע גייען אין פוס מיט אלע בויער פון סאָציאַליזם. דורך דעם גופע ווערן נאָכמער געזיכערט די הייטערדיק דערפּאָלגן פון דער סאָציאַליסטישער בויונג.

דאָס אלץ פארלייכ:ערט די ארבעט פון די פּארטיייִשע און סאָוועטישע אָרגאַניזאַציעס אין דער איבערוואַל־קאַמפּאַניע, אָבער אין דער זעלבער צייט העכערט עס נאָכמער די פאָדערונגען צו דער קוואַליטעט פון זייער ארבעט, צו דער קוואַליטעט פון דער פּאָליטי־ שער אָנפירונג און אָרגאַניזאַטאָרישער ווירקונג אף די מאַסן. די אומגעבונג און די גרויס אויפגאַבעס פון צווייטן פינפיאָר פאָדערן, אז אין דער הינזיכט זאָלן מיר זיין אף א קאָ העכער פון דעם ניוואָ, אף וועלכן עס איז דורכגעפירט געוואָרן די פאָריקע איבערוואַל־ קאַמפּאַניע.

אין פעריאָד, וואָס טיילט אָפּ דעם 6־טן אלפארבאנדישן סאָוועטן־צוזאמענפאָר פון 7־טן צוזאמענפאָר, א פעריאָד, וואָס איז רייך מיט געשעענישן און מיט אלגעמיין־באוווּסט דערגרייכונגען פון אונדזער לאנד, האָבן מיר געלייזט אויפגאַבעס, וואָס דרינגען ארויס פון די דירעקטיוון פון דער פּאַרטיי וועגן פארענדיקן דעם פּלאַן פון ערשטן פינפיאָר או וועגן פאנאנדערוויקלען די גרויסע ארבעטן פון צווייטן פינפיאָר. אָבער אויב דער ערשטער פינפיאָר איז געווען א פעריאָד הויפּטזאַכלעך פון נייער בויונג, קעמפן מיר איצט פאר פארווירקלעכן דעם צווייטן פינפיאָר, וואָס איז איבערהויפּט א פינפיאָר פון באהערשן די טעכניק, פון באָלשעוויסטישער קולטור פון ארבעט און וווּקס פון איר סאָציאַליסטישע פּראָדוקטיווקייט.

דאָס איז שוין א נייע קאָלאָסאַלע שטופע, וועלכע מיר וועלן אריבערשפּאַנען בלוי באם באדינג און דורכ פארוואַנדלען אלע ארבעטנדיקע אין באוווּסטזיניקע און אקטיווע בויער פון דער אָנקלאַסיקער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. אף נייעם עטאַפּ פון קאַמפ וועלן מיר אומפארמיידלעך האָבן א הארבן ווידערשטאַנד פון די ליקווידירטע רעשטלעך פון קלאַסן־סוינע און פארביסענע פּרוּוון צו ווירקן אף די קאָמוניסטן און אף אר. פאר־ טייִשן באשטאַנד פון די סאָוועטישע אָרגאַניזאַציעס, אף באַשטימטע שיכטן פון ארבעטער־ קלאַס און פון פויערטום. דער דאָזיקער ווידערשטאַנד און די ווירקונג פון די קלאַסן־פיינט לעכע עלעמענטן וועלן אומפארמיידלעך און מיט א באַזונדער קראַפט זיך לאָזן פילן בא די וואַלן אין די סאָוועטן. אָט פארוואָס מיר ריידן וועגן דער נייטיקייט פון אומדער־ מידלעכער קלאַסן־וואַכזאַמקייט, וועגן אָנראַכמאָנעסדיקן קאַמף קעגן יעטווידער אָפּאָרטוניז

אונ צווייפענעמדיקײַט, וועגנ שטרענג אָפּהיטנ די רעוואָליוציאָנערע געזעצלעכקײַט אונ די וואַל־געזעצגעבונג פונ פסםר.

די געפאַר, אַז אינ די סאָוועטנ וועלנ אַרײַנדרינגענ קלאַסנ־פרעמדע און ניט שטאַנדהאַפּטיקע עלעמענטנ, דאַרפ באַזונדערס ערנסט גענומענ ווערנ אינ אַכט דורכ די פאַרטייִשע אונ סאָוועטישע אָרגאַניזאַציעס אינ דאָרפ, ווו די קאַפּיטאַליסטישע רעשטלעכ זײַנענ שטאַרקער, ווו די קולאַקישע עלעמענטנ אונ די קולאַקישע ווירקונג ווערנ געווענדעט קעגנ די יעסוידעס פונ דער קאָלעקטיוויזאַציע מיט די הענט ניט נאָר פונ דער דירעקטער אַגענטור פונ קלאַסנ־סוינע נאָר אויכ דורכ די „פאַרטשאַדעטע“ טוער פונ סאָוועט אונ קאָלווירט. די קלאַסנ־סאָנים, נעמענ אינ אַכט, אַז די קולאַקישע ווירקונג אַפ די מאַכט־אָרגאַנענ אונ דאָס אַרונטערײַסנ די קאָלווירטישע בויונג שוואַכנ אָפּ די אָרגאַנענ פונ דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אינ דאָרפ.

יעדער וויילער אונ נאָכמער יעדער קאָמוניסט אונ יעדער טוער פונ סאָוועט איז פאַרפליכטעט ניט פאַרגעסנ אַפ קיינ איינ מינוט, אַז דער קאַמפּ פאַר פאַרפעסטיקנ די דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט, פאַר דער ווײַטערדיקער דערפאָלגרײַכער פאַנאַנדערוויקלונג פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג אונ פאַר פאַרשטאַרקנ די באַהעפטקײַט פונ די אַרבעטנדיקע אַרום דער פאַרטיי אונ די סאָוועטנ וועט געבנ דעם סאַמע צעשמעטערנדיקנ אונ ריכטיקסטנ קלאַפּ איבער אַלע שפּיצלעכ פונ די קלאַסנ־סאָנים.

אַרויסטרײַבנ פונ די סאָוועטנ די קלאַסנפײַנטלעכע עלעמענטנ—איז איינע פונ די וויכטיקסטע אויפגאַבעס פונ די וואַלנ. קעמפנ קעגנ דעם קלאַסנ־סוינע אונ די אָפּאָרטוניסטנ, די רעכטע אונ „לינקע“,—דאָס איז אַ פראַגע פונ די וועגנ, מיטלענ אונ טעמפּנ אינ קאַמפּ פאַרנ סאָציאַליזם. ווײַל „די זאַכ איז ניט נאָר אינ די סאָוועטנ, ווי אַ פאָרם פונ אָרגאַניזאַציע, כאָטש די דאָזיקע פאָרם אַליינ שטעלט מיט זיכ פאָר די גרעסטע רעוואָליוציאָנערע דעראָבערונג. די זאַכ איז, פריִער פונ אַלצ, אינעם אינהאַלט פונ דער אַרבעט פונ די סאָוועטנ, די זאַכ איז אינעם כאַראַקטער פונ דער אַרבעט פונ די סאָוועטנ, די זאַכ איז אינ דעם, ווער, נעמלעכ, פירט אָנ מיט די סאָוועטנ,—רעוואָליוציאָנערנ אָדער קאָנטררעוואָליוציאָנערנ“ (סטאַלינ).

אָט פאַרוואָס מיר שרײַבנ אונטער נאָכאַמאָל אונ נאָכאַמאָל די אויפגאַבע—צו אָפּהיטנ די קלאַסנ־ריינקײַט פונ סאָוועט, אַלס אָרגאַנ פונ דער דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט, פאַרפעסטיקנ אים מיט קלאַסנ־שטאַנדהאַפּטיקע טוער פונ די בעסטע שלאָגלער פונ דער פּראָדוקציע אונ געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, פונ די פאָרויסגייענדיקע אינ דער סאָציאַליסטישער בויונג, פונ די באַרימטע מענטשנ פונ אונדזער לאַנד.

* * *

פאַר די וויילער וועלנ זיכ אָפּרעכענענ די דעפּוטאַטנ, וועלכע האָבנ באַקומענ דעם צוטרוי פונ די מאַסנ מיט 3—4 יאָר צוריק. ערעוו די באַריכט־פאַרזאַמלונגענ זײַנענ די רעווידיר־קאָמיסיעס, מיט דער הילפ פונ די דורכקוק־בריגאַדעס אונ פונ סאָוועטישנ אַקטיוו, פאַרפליכטעט אָרגאַנזאַם אונ אַלזײַטיק דורכקאָנטראָלירנ די אַרבעט פונ די סאָוועטנ, קעדיי ניט נאָר דערגאַנצנ דעם באַריכט־פאָרטראָג פונ סאָוועט, נאָר אויכ קריטיש באַלויכטנ אים.

ס'איז אָנ שום צווייפל, אַז אונדזערע דערגרייכונגענ אינ פאַרשיידענע צווײַגנ פונ דער בויונג זײַנענ קאָלאָסאַל. אָבער מיט די דאָזיקע דערפאָלגנ טאָרנ מיר ניט ניט פאַרדעקנ, ניט פאַרענטפערנ, ניט פאַרווייכערנ די פעלערנ אונ בלויזנ, וועלכע זײַנענ באַ אונדז פאַ־

ראנ אינ דער אינדוסטריעלער, שטאָטישער, קאָלווירטישער בויונג. צום ליקווידירנ דידאָזיקע פעלערנ דארפ מענ מאָביליזירנ די גאנצע אקטיווקייַט פונ די ארבעטנדיקע מאסנ אונ דאָס אופדעקנ דידאָזיקע פעלערנ אַז די באריכט־פארזאמלונגענ וועט העלפנ בעסער אָפשאצנ די ארבעטספייִקייַט, אייַנגעשפארטקייַט, איניציאטיוו פונ די טוער פונ פריִערדיקנ באשטאנד פונ די סאָוועטנ אונ אָפקלייַבנ די בעסטע אקטיוויסטנ אינעם נייַעם באשטאנד. דעריבער איז נייטיק דורכקאָנטראָלירנ די ארבעט ניט נאָר פונ סאָוועט אָדער אויספירקאָם אינגאנצנ גענומענ, נאָר אויכ פונ יעדער דעפוטאט באזונדער.

פונ דאנענ איז פארשטענדלעכ די באדייַטונג פונעם פולשטענדיקנ אָנטיילנעמענ פונ די וויילער אינ די באריכט־פארזאמלונגענ, ווו עס קומט פאָר, אינ טאָכ גענומענ, אנ אָפקלייַב פונ די מענטשנ, וועלכע זייַנענ נייטיק דעם סאָוועט, אלס אָנשפאר אינ קאמפ פאר די דערפאָלגנ פונ דער ווייַטערדיקער סאָציאַליסטישער בויונג. פונ דאנענ איז קלאָר, ווי וויכטיק עס איז צו פאנאנדערוויקלענ דאָ די ברייטסטע, זאכלעכע זעלבסטקריטיק. פונ דאנענ איז, לעצטנס, פארשטענדלעכ אויכ די נייטיקייַט צו אָפגעבנ די באריכטנ ניט אינ אלגעמיינע אונ דורכשניטלעכע ציפערנ, נאָר לויט יעדער פארגעבונג, לויט יעדנ באזונדערנ באצירק, לויט יעדער צווייַג פונ ארבעט.

דער שטאָטסאָוועט אונ זייַנע דעפוטאטנ וועלנ באווייַזנ, צ. ב., וויאַזוי זיי פלעגנ אויספילנ אונ האָבנ אויסגעפילט די אָנווייַזונגענ פונ דער פארטיי וועגנ דער שטאָטישער אונ קאָמונאלער בויונג, וועגנ הילפ דעם אייַזנבאנ־טראנספאָרט, וועגנ פארבעסערנ דעם סכוירע־אומזאצ, וועגנ ארבעטער־וווינונגענ, וועגנ אָרגאניזירנ שטייגער־אנשטאלטנ, וועגנ פארברייטערנ אינ פארבעסערנ די קולטור־צענטרענ, וועגנ אויספילנ די קאָנקרעטע פאָדערונגענ פונ די ארבעטנדיקע, וואָס זייַנענ אויסגעדריקט אינעם אָנזאָג א. א. וו.

דער ראיאָנער אויספירקאָם, אָדער דאָרפסאָוועט זייַנענ אויכ פארפליכטעט גענוי באריכטנ, וואָס זיי האָבנ געטאָנ, קעדיי פינקטלעכ אויספילנ די פארפליכטונגענ פאר דער מעלוכע, וויאַזוי זיי העלפנ מיט דעם וווּקס אונ דער פארפעסטיקונג פונ די קאָלווירטנ, אפ וויפל ס'איז פארגרעסערט געוואָרנ די צאָל פי, אפ וויפל ס'איז אופגעהויבנ געוואָרנ די ארבעטס־דיסציפלינ אונ ארבעטס־פראָדוקטיווקייַט אינ די קאָלווירטנ, וויאַזוי עס איז (אפ ביישפילנ) אָפגעהיט געוואָרנ די רעוואָליוציאָנערע געזעצלעכקייַט אונ ס'איז פארהיט געוואָרנ דאָס סאָציאַליסטישע אייגנטום, צי איז גוט באהערשט די מאשינ־טעכניק אינ דער לאנדווירטשאפט, אפ וויפל איז אויסגעוואָקסנ דער ווערט פונ ארבעטס־טאָג פונ די קאָלווירטניקעס, וואָס איז געטאָנ געוואָרנ אפ אייַנבירגערנ דעם קולטורעלנ שטייגער אינ דאָרפ, וויאַזוי האָט זיכ אנטוויקלט די זעלבסטקריטיק אונ די פראַקטיק פונ געזעלשאפטלעכנ קאָנטראָל איבער דער ארבעט פונ די דאָרפישע אנשטאלטנ, צי גענוג ציט ארייַנ אונ פארפעסטיקט אפ סאָוועטישער ארבעט דער סאָוועט די ארבעטנדיקע פרויענ, אינ וואָס אונ אפ וויפל זייַנענ די קאָלווירטניקעס אוועק פאָרויס פונ זייער אינדיווידועלנ ארט פירנ די ווירטשאפט, צי פילט אויס דער סאָוועט די דירעקטיוו פונ דער פארטיי אונ פונ כ' סטאַלינ וועגנ דער באציִונג צו די אינדיווידואלנ, ווי צו מאָרגנדיקע קאָלווירטניקעס א. א. וו.

די סאָוועטנ פונ די שטעט אונ דערפער זייַנענ פארפליכטעט צו אָפגעבנ א באריכט וועגנ דעם, וואָס פאר אנ אָנטייל זיי האָבנ גענומענ אינ די אלפארבאנדישע פארמעסטונגענ פונ די סאָוועטנ לויט די צווייַג־קאָנקורסנ.

דערבײַ איז נײטיק פּולער ארויסווײַזנ די ראָל, וואָס עס שפּילט אינ סאָוועט דער קאָמוניסט, וועלכער איז פאַרפליכטעט צו זײַנ אינ אוואַנגאַרד, צו זײַנ א קלאַסנ־פּעסטער ווירטשאַפטלער אונ געזעלשאַפטלעכער טוער. צו די פּאַרטיי־מיטגלידער, וועלכע אַרבעטנ אינ סאָוועט, שטעלנ מיר אינ דער ערשטער ריי די פאָדערונג צו אַרבעטנ מוסטערהאַפט סײַ אינ די מאַסנ־אָרגאַנענ פונ סאָוועט, סײַ אינ קאָלווירט, סײַ צווישנ די אינדיווידואַלנ. די דעפּוטאַטנ־פּאַרטייער זײַנענ פאַרפליכטעט צו זײַנ פאַר די אומפּאַרטײיִשע א מוסטער פונ הויכער דיסציפּלינירטקײַט, קלאַסנוואַכזאַמקײַט אונ פּאָליטישער אויסגעהאַלטנקײַט. אפנ גרונט פונ אַזא קאָנטראָל וועלנ די פּאַרטײיִשע אָרגאַניזאַציעס קענענ בעסער אָפּשאַצנ קאָמוניסטנ, וועלכע ווערנ אָנגעמערקט אינעם נײַעם באַשטאַנד פונ די סאָוועטנ."

אפ דער דערפאַרונג פונ די בעסטע פּאַרטיי־טוער פונ סאָוועט דאַרפ מענ באַווײַזנ וויאַזוי די מיטגלידער פול געגעבענעם פּאַרט. קאָלעקטיוו דערציִענ אינ זיך די אײגנשאַפטנ פונ באָלשעוויסטישע אָרגאַניזאַטערס פונ פאַרשײדענע צווײַגנ אינ דער שטאָטישער אונ קאָלווירטישער בויונג, אָנפירנדיק מיטנ סאָוועט, אָדער אָנטײלנעמענדיק אינ זײַנע סעקציעס אונ דעפּוטאַטישע גרופּעס.

אָבער דער פאַרדינסט פונ פּאַרטייער־דעפּוטאַט באַשטײט ניט נאָר אינ זײַנ פּערזענלעכער אַקטיווקײַט, אַרבעטספעיִקײַט אונ רעוואָלוציאָנערער פעסטקײַט. א קאָמוניסט אינ סאָוועט שעצנ מיר אויך לויט דעם, וויאַזוי ער העלפט אַנדערע דעפּוטאַטנ אונ אַקטיוויסטנ פונ סאָוועט ארויסגײנ פונ דער צאָל געוויינלעכע אונ „דורכשניטלעכע" טוער אינ דער ריי שלאָגלער אונ פאָרויסגײיִענדיקע.

אינעם באַריכט פאַר די וויילער דאַרפ מענ אַנ איבעריקנ מאָל אונטערשטרײַכנ ווי בעקאָוועדיק עס איז דער נאָמענ פונ א דעפּוטאַט אינ אונדזער לאַנד אונ וואָס פאַר א אויפגאַבעס עס לײגנ אפ אים אַרופ, דעריבער, אונדזער פּאַרטיי אונ די סאָוועטנמאַכט. אפנ גרונט פונ דער ווענדונג פונ ציק פּסטר איז נײטיק צו דערמאָנענ, אַז די סאָוועטנ וועלנ זײַנ די הויפּט־דורכפירער, פונ דער גענעראַלער פּאַרטיי־ליניע, אויספּילנדיק די גרויסע אויפגאַבעס פונ צווייטנ פינפיאָר. דעריבער איז אַנ אָרט אינ סאָוועט פאַראַנ בלויז פאַר די, וואָס זײַנענ זעלבסטאָפּפערנדיק איבערגעגעבנ דער זאַך פונ אַרבעטער־קלאַס, וואָס האָבנ מיט מעשים באַוויזנ זײער גרייטקײַט צו קעמפנ פאַר די דערפאָלגנ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג בא אַלע באַרינגונגענ אונ ניט געקוקט אפ קײנע שוועריקײַטנ. פאַר פרעמדע מענטשנ, קלאַסנפײַנטלעכע, ניט זיכערע, ניט אַרבעטספעיִקע, וועלכע זײַנענ אָפּגעריסנ פונ די אַרבעטנדיקע מאַסנ, איז קײנ אָרט אינ סאָוועט ניטאָ. בלויז דורכ דער הויכער רעוואָלוציאָנערער וואַכזאַמקײַט, בלויז דורכ דער מאַסנ־אַקטיווקײַט פונ די וויילער, בלויז אפנ גרונט פונ באָלשעוויסטישער זעלבסטקריטיק אונ פונ אַמשטרענגסטנ אָפּקלײַבנ די מענטשנ וועלנ מיר זיכערנ דעם פעסטנ באַשטאַנד פונ די סאָוועטנ.

* * *

די באַריכט־איבערוואַל־קאַמפּאַניע—דאָס איז א מאַסנ־דורכקוק פונ אַלע רונגענ פונ מלוכישנ אַפּאַראַט. אינ פּראָצעס פונ דער קאַמפּאַניע דאַרפנ מיר קאָנטראָלירנ, וויאַזוי עס ווערנ אויסגעפילט די באַשלוסנ פונ 17־טנ צוזאַמענפאָר אַלקפּ(ב) אונ פונ דער סאָוועטישער רעגירונג.

די זיגנ פונעם אַרבעטער־קלאַס אונ פונ גאַנצנ לאַנד אינ דער בויונג פונ סאָציאַליזמ דאַרפ מענ ברײט דורכדעמאָנסטרירנ פאַר די מאַסנ וויילער, באַזונדערס אינ דאָרפ. אפ די

ל עבעדיקע בײַשפּילן פון אונדזער ווירקלעכקײַט דאַרף מען „מאָביליזירן זייער ווילן או ענערגיע אַפ צו לייזן די אופגאבעס, וואָס זײַנען אוועקגעשטעלט געוואָרן דורך דער פּאַרטי אופהויבן די מאסן ביזן ניוואָ פון פאַרשטיין די קאָלאָסאַלע אַלגעמיין־מעלוכישע באַדײַטונ פון דיראָזיקע אופגאבעס" (קאַלינינ).

די פאָרטרעגער אַפ די באַריכט־איבערוואַל־פאַרזאַמלונגען, די פּאַרטייִשע פּראָפּאַגאַנ דיסטן, אונדזער אַקטיוו דאַרף העלפן דעם ווײַלער פאַרשטיין די גרויסע פּראָגראַם פ אַרבעט אין צווייטן פינפיאָר און צוגלײַך מיט דעם אופקלערן די נייטיקײַט צו פאַרפעס טיקן די שוצפייִקײַט פון אונדזער פאָטערלאַנד.

פאַרווירקלעכנדיק די פּראָגראַם פון דער ווירטשאַפטלעכער און קולטורעלער בויונג אַפ גרונט פון די מאַסן־פּאָליטישע מאָסמיטלען, קענען ניט די סאָוועטן אין שטאָט, און באַזונ דערס אין דאָרף, שטיין אָן דער זײַט פון די אַלגעמיין־מעלוכישע אופגאַבעס אין דער זאַ פון קולטורעל אופהייבן די ברייטע מאַסן פון אונדזער לאַנד. זיי דאַרפן פּראַקטיש העלפ אונדזערע קלובן, שולן, לייען־שטיבלעך, יוגנט־קרײַזן, פיזקולטור־געזעלשאַפטן אוועקשטעלן אַפ א פעסטער פוס די אַגיטאַציאָנעל־אופקלער־אַרבעט, די פאַרשפּרייטונג פון דער פּרעס דאָס דערלערנען די ווערק פון לענינען און סטאַלינען, דאָס באַלויכטן די צווישנפעלקער לעכע געשעענישן.

דאָס אויספּילן דיראָזיקע אופגאבעס וועט זײַן דער בעסטער ווײַזער פון דער פּאָליטישער רײַפקײַט אָדער אינערטקײַט פונעם סאָוועט.

* * *

די קאָלאָסאַלע אַרבעט פון אָרגאַניזירן און בעסער דורכפירן די איבערוואַל־קאַמפּאַניע אינגאַנצן גענומען דאַרף אונטערגעוואָרפן ווערן איין אופגאבע,—אַז די גאַנצע מאַסע ווײַלער זאָל ניט נאָר אָנטיילנעמען אין די וואַלן פון די סאָוועטן, נאָר זי זאָל ווערן איר גאַנצע אַקטיווקײַט און ווילן אַפ אויספּילן די פּלענער פון צווייטן פינפיאָר. וואָס שלאַכטפייִקער עס וועלן זײַן די סאָוועטן אין נײַעם באַשטאַנד, אַלץ זיכערער איז די גאַראַנטיע, אַז דיראָזיקע פּלענער וועלן אויסגעפּילט און איבערגעשטיגן ווערן.

שוועריקײַטן שטייען נאָך פאַר ניט ווייניק, ווײַל דער קלאַסן־קאַמף אין לאַנד איז נאָך ניט פאַרענדיקט, די פײַנטשאַפט צום סאָוועטנלאַנד מיצאַד די אימפּעריאַליסטן קען ניט אָפּגעשוואַכט ווערן און די מילכאָמע־געפאַר הענגט נאָך איבער אונדז.

אָבער אין קאַמף קעגן די שוועריקײַטן האָבן מיר אָנגעזאַמלט קאָלאָסאַלע קרעפטן און א גרויסע דערפאַרונג. אָנשפּאַרנדיק זיך אַפ די פילמיליאָניקע מאַסן אַרבעטנדיקע ווײַלער, האָט די סאָוועטנמאַכט געלייזט און זי לייזט די גרויסע אופגאבעס פון דער סאָציאַליסטישער בויונג, ברעכנדיק אַלע צאַמען אַפ איר וועג. און עס זײַנען ניטאָ אַזוינע, דורך אונדז אַרויסגערוקטע אופגאבעס, מיט וועלכע מיר וועלן זיך ניט קענען ספּראַווען. לויט די דערמאָנענע סטאַלינס ווערטער: „אַפ דער וועלט איז ניטאָ און ס'איז ניט געווען אַזאַ מעכטיקע און אויטאָריטעטע מאַכט, ווי אונדזערע—די סאָוועטנמאַכט". און די, מיט די סאָוועטן אָנפירנדיקע „פּאַרטיי איז אומבאַזיגבאַר, אויב זי ווייס, וווּהין צו פירן די זאַך און האָט ניט מוירע פאַר קיינע שוועריקײַטן".

(„באָלשעוויק").

י. בראָנשטיין

# שעפערישע פּראָבלעמעס פון דער ייִדישער סאָוועטישער פּאָעזיע

## 3. וועגן ליריק

דער צושטאנד, אין וועלכן עס געפינט זיך ביז איצט אונדזער יונגע מארקסיסטיש־לענינישע פּאָעטיק איז אזא, אז ער דערלויבט אונדז ניט אפילע צו פארפעסטיקן ווי געהעריק איר טערמינאָלאָגיע. אלץ קומט אונדז נאָך אויס צו אָפּערירן מיט פּאָעטיק־טערמינען, וואָס זײַנען היפּש צעשוואומען, ניט גענוג דעפינירט און ניט גענוג אָפּגעגרענעצט.

דאָס האָט א שײַכעס אויך צום באגריף ליריק. די קאנאָניזירטע אײַנשטעלונג אפ עפּאָס, ליריק און דראמע איז שוין פון לאנג אָנערקענט געוואָרן אלס סכעמאטישע און צופעליקע. אפילע די העגעליאנישע קריטיק, וואָס האָט אין איר עסטעטיק זיך יאָ געשטעלט אפן שטאנדפּונקט פון אזא פאנאנדערטיילן, האָט געמוזט, אין פערזאָן פון אייניקע אירע בעסטע פאָרשטייער, מודע זײַן, אז מע קען ניט מעכאניש אָפּטיילן ליריק, לעמאָשל, פון עפּאָס און פון דראמע.

אזוי, לעמאָשל, האָט בעלינסקי אין זײַן ארטיקל „וועגן דער טיילונג פון דער פּאָעזיע אפ מינים און ארטן“ געשריבן:

„דער לירזים דעריבער, עקזיסטירנדיק אליין פאר זיך, ווי א באזונדערער מין פּאָעזיע, גייט ארײַן אין אלע אנדערע מינים ווי א סטיכיע, באלעבט זיי אזוי ווי פּראָמעטייס פײַער באלעבט אלע זעוס באשעפענישן...

אָן לירזים וואָלטן די עפּאָפּיי און די דראמע געווען צו פּראָזאיִש און קאלט־גלײַכגילטיק צו זייער אינהאלט“.

איז אָט, לירזים אין דעם דאָזיקן זין מיינען מיר, ווען מיר שטרײַטן, לעצטנס, פאר ליריק אין אונדזער דיכטונג.

ניט די אלטע, קאנאָניזירטע לירישע אימפּרעסיע, מיט איר געבעכדיקער איך־געריבלערײַ האָבן מיר דערבײַ אין זינען.

קעגן דעם דאָזיקן מין ליריק האָט אונדזער דיכטונג אין פּערזאָן פון אירע בעסטע רעוואָליוציאָנערסטע שעפער געקעמפט און קעמפט ביז הײַנטיקן טאָג פארביסן.

ס'איז גענוג צו דערמאָנען יענעם פּאטאָס פון בירגער־פּאָעזיע און סאָציאַלער פּאטעטיק, וואָס אונדזערע בעסטע פּראָלעטארישע שרײַבער האָבן אין די ערשטע יאָרן פון אויפ־

שטעלונ־פּעריאָד קעגנגעשטעלט דער בורזשואַז־אינזיכיסטישער, אבסטראַקטער ליריק. צוזאַמענ מיט זײ האָט אויכ די מארקסיסטיש־לענינישע קריטיק פונ יענער צײַט זיכ געלאָזט אינ אָנגריפ קעגנ די לירישע „קאיאָרנ”, „בלײכע לעוואָנע” אונ „זילבערנע שטערנ”.

„מיר איז לאַנג שוינ נימעס הערנ
זײער סקריפּ פונ לעוואָנעס אונ נאַכט.
טויזנט יאָר האָט מענ באזונגענ שטערנ
אונ ס׳האָט קײנעמ, קײנעמ ניט געארט.

אונ ס׳איז יעדערנ געווענ געפעלנ,
אונ ס׳האָט יעדער געשטערנט אינ זײַנ ליד,
זיבנ יאָר, אז איכ באזינג שינעלנ
זײַנע דיכטער שוינ געוואָרנ מיד.

(פעפער).

אזוי האָט ליידנשאפטלעכ געריסנ די פּענטעס פונ בורזשואַז־סענטימענטאלער ליריק דער פּראָלעטארישער דיכטער פעפער.

יאָ, די ליריק פונ שינעלנ! די ליריק פונ טעפּלושקעס!

פעפערס אומפארגעסלעכער בוכ „ווענג זיכ אונ אזוינע ווי איכ”—דאָס איז געווענ דער מאניפעסט פונ אונדזער נײַער ליריק, פונ אונדזער פּראָלעטארישנ ליריזמ. דער דאָזיקער ליריזמ איז טאקע, ווי א סטיכיע וואָס באלעבט דעמ עפּאָס, געוואָרנ אנ אָרגאנישער באשטאנד־טײל פונ אונדזערע בעסטע פּראָלעטארישע אונ רעוואָליוציאָנערע פּאָעמעס פונ יענער צײַט!

אפנ זעלבנ וועג איז אויכ געגאנגענ כאריק, וועלכער האָט געפונענ פאר בײטיק אינ זײַנ ציקל „לידער וועגנ לידער” שארפ אָפּגרענעצנ זיכ פונ דער טראדיציאָנעלער בורזשואַזער ליריק. ער האָט אָפנ דערקלערט!

„איכ האָב נאָכ ביז אלץ ניט פײַנט די שטערנ
מיט ווינטנ איז מיר אלעמאָל נאָכ גרינג
נאָר איכ וויל אצינד ניט הערנ
ווי ס׳רוישט אפ מיר—א שטיפערל—א ווינט”.

(כאריק).

אָנשטאָט דעמ שטילנ לירישנ פּײזאַזש, אָנשטאָט דער אינטימער לירישער סטראָפע אינ געקומענ דענסטמאָל כאריקס „געשרײ” („פונדאנענ שרײַ איכ אזש צומ צענטנ דאָר”). אינ געקומענ כאריקס פּאטעטישער עפּאָס.

אָבער צי דענ האָט ניט אויכ כאריק אָנגעזעטיקט אפילע זײַנע „מינסקער בלאָטעס” מיט יענעמ ליריזמ, וועגנ וועלכנ בעלינסקי רעדט?

דאָס האָבנ אסאכ דענסטמאָל ניט פארשטאנענ.

דער קאמפּ קעגנ בורזשואַז־סענט־מענטאלער אונ אינזיכיסטישער ליריק־העגעמאָניע איז אופגענומענ געוואָרנ אינ די בורזשואַזע אונ קלײנבירגערלעכע קרײַזנ פונ אונדזער דיכטונג, ווי א קאמפּ קעגנ דאָס לירישע, דאָס אינדיווידועלע אינ דער דיכטונג.

אזוי ווי די דיכטונג וואָלט געקענט עקזיסטירנ אָנ דאָס אינדיווידועלע!

ס'איז כאַראַקטעריסטיש יענע שאַרפֿקייט, מיט וועלכער אַזאַ דיכטער ווי אַקסעלראָד, דענסטמאָל היפּש פֿאַרזונקען אין יעסעניניש'ן אינזיכיזם, איז אַרויסגעטראָטן קעגן כאַריקס סאָציאַלער פּאַטעטיק.

אַלץ און אַלץ וועל איך דיר שענקען
דײַן ברויגעזדיקע שאַרפֿקייט—קיינמאָל ניט
ווען ס'זינגט אַרויס פֿון דיר אַ בענקען
ליב איך דאַן די שורעס פֿון דײַן ליד.

האָסט געגוג געשריִען דאַרפֿסטו שווײַגן
זיץ און קוק אָפּן אָוונטיקער שײַן.

איז אָט ווען וועלכער ליריק ס'האָט זיך געהאַנדלט בײַ אַקסעלראָדן אין זײַן לירישן פֿאַרזאָג: „שווײַג אין אָוונטיקער שײַן". אָבער „שווײַגן אין אָוונטיקער שײַן"—ס'איז דאָך געווען אַן אויסדרוק—אָדער פֿון קלאַסענפֿרעמדער קעגנערשאַפֿט, אָדער פֿון קליינבירגער־לעכער צעטומלטקייט!

דער גאַנצער באַלעבעסלדיקער מײַנע־לאָשן ווען דער לירישער אינטימקייט, צאַרטקייט אי פּראָטשאַיאַ, אי פּראָטשאַיאַ האָט אויפֿגעדעקט זײַן סאָציאָלאָגישן עקוויוואַלענט אין פֿאָלגנדיקע שורעס פֿון עם, גאָר יונגן דענסטמאָל, דיכטער—טייף.

„דיכטער, דיכטער!
בענוג זיך אײַך באַרימען
מיט פּראָסטע טריט און פּראָסטע לידער
איר מיינט, אַז ווייטיקפֿולע צאַרטע הימנען
דאַרפֿן שוין ניט מײַנע ברידער?
ביז וואַנען וועט איר לידער ליכטיקע
אין טיפֿן האַרצן פֿאַרכאָוווען,
ביז וואַנען וועט איר אָפּ אַלטע קאַטערינקעס
פֿאַרבײַטן שאָפּענען און בעטכאָווענען?"
(טייף).

ווי איר זעט האָט איר דאָ אַ גאַנץ דרייסטע אַרויסטרעטונג אי קעגן פּעפּערן, אי קעגן כאַריקן (קעגן פּעפּערס „פּראָסטע רייד" און כאַריקס „קאַטערינקע").

וואָס פֿאַר אַ „ווייטיקפֿולע צאַרטע הימנען" האָט געזוכט דער יונגער מ. טייף?

לייענט זײַן „פֿאַבריק־ליריק" וועט איר באַקומען אַן ענטפֿער. אַרונטערפֿאַלנדיק אונטער יעסענינס ווירקונג, מיט אַ היפּשער אָנשטרענגונג צו זײַן „מיט לײַטן גלײַך" און אַרײַנגענומען ווערן אין די טעמפּלען פֿון „ריינער קונסט", האָט דערדאָזיקער יונגער פּאָעט דערוויזן, באַשײַנפּערלעך, צו וועלכער „לירישער היסטעריק", פֿון גאָר אַ פֿרעמדן שניט עס קען דערפֿירן אָט אָ דער דראַנג צו „ליריק".

זײַן ציקל „פֿאַבריק־לידער" (1926—27) אַנטפּלעקט אין דאָסדאָזיקן לידער באַזונדערס אָפֿן (אומבאַהאָלפֿן־אָפֿן) טייפֿס לירישע אַנטיטעזע: בײַ אײַך, הייסט עס, איז פּאַטאָס יאָנטעוודיקייט, ענטוזיאַזם פֿון הימנען, בײַ מיר איז קאַפּויער: געבראָכן־סענטימענטאַלע שאָפּ-ליריק, אַפֿילו אָן דעם ביסל סאָציאַלן „צאָרן", וואָס אַזאַ שאָפּ־ליריק האָט פֿאַרמאָגט בײַ ראָזענפֿעלדן, אָדער בײַ עדעלשטאַטן, לעמאָשל.

טאַלאַנטפֿולע שטייגער־געמעלן, האַרציקע שורעס, וואָס פֿעלן ניט אין אָט דעם ציקל לידער, ווערן דאָ, צום באַדויערן, גאַנץ אָפּט דערטרונקען אין מאַבל פֿון טענדענציעז-

סענטימענטאַלער, כליפּנדיקער לידיק, וואָס קימאַט ווי זי באַוויינט דעם גורל פון אַ בלאַסן באָכער, וואָס „קומט אהיים אַ מידער פון דער אַרבעט".

טייפס ציקל לידער „רעקוויעם", וואָס איז אויך צו יענער צײַט אָנגעשריבן געוואָרן מיט נאַיווען מיין צו באַווײַזן כאַריקן און פּעפּערן ווי מע דאַרף שרײַבן „ווייטיקפולע צאַרטע הימנען",—אָט דער דאָזיקער ציקל לידער האָט אָנשטאָט עלעגיע־זויבערקײַט אויסגעפּאָמפּעוועט דאָס גאַנצע ביסל קליינשטעטלדיקן כליפּערײַ און סענטימענטאַלע מליצע, וואָס דער יונגער טייף האָט מיט זיך געבראַכט.

אוואַדע איז טייף בא דעם ניט געבליבן. אַ דיכטער וואָס אַרבעט אַקשאָנעסדיק איבער זײַן סטראָפע, האָט טייף גויוער געווען אָט די דאָזיקע סטיכיי און, אַף דער באַזע פון אַ באַדײַטנדיקן פאָלקלאָר־אָנלאָד, וואָס ער פאַרמאָגט, האָט ער געשאַפן, לעצטנס, אַ ריי זייער פײַנע, ליריש־ראָמאַנטישע געמעלן („ווילאַנטשעל", „פּראָלעטאַרקע שוועסטער מײַנע", „אונדזער יוגנט" א. אַנד.).

אָבער טאַקע מיט אַזאַ דיכטער ווי טייף, אַ ליריקער און אַ ראָמאַנטיקער איז אינטערעסאַנט צו אילוסטרירן דעם קאַמף אַרום ליריק אין אונדזער דיכטונג.

דאָס בעסטע פון אונדזער דיכטונג איז אָנגעווענדט אַף גויוער צו זײַן די אינדיווידואַליסטישע און בורזשואַז־סענטימענטאַלע ליריק. אַפילע אַזאַ עקספּרעסיוער ליריקער ווי הארצמאַן, וואָס גייט איבער זײַן לירישער סטראָפע, ווי אַ בלינדער איבער אַ קאַנאַט, וואָס ראַנגלט זיך צווישן דורכזיכטיק רעאַליסטישער ליריק פונעם פּראָלעטאַריאַט און מיסטיש־עקספּרעסיאָניסטישער ליריק פון אַ געבראָכענעם קליינבירגער,—אַפילע אָט דער דיכטער געפינט פאַר נייטיק צו פּאָלעמיזירן מיט פּעטן—דעם קלאַסישן פּריצישן ליריקער.

„ווען פּעט וואָלט זײַן האַנט
מיר דערלאַנגט
און דערפילט,
ווי זי איז האַרט און רוי, —
ער וואָלט זײַנע פינגער פאַרהאַקט,
וואָס זײַנען שמאָל און בלוי.
(הארצמאַן).

אָבער ווי עס טרעפט זיך ניט זעלטן, איז אויך דאָ איבערגעבויגן געוואָרן ערטערווײַז דער שטעקן. דער דרוק פון ליטפּראָנטישן ניהיליזם אין פּראַגעס פון ליטעראַטור האָט אויך דאָ געבראַכט צו לינקיסטישן אָפּלייקענען. דאָס האָט ניט לאַנג געדויערט. עס איז אָבער כאַראַקטעריסטיש צו פאַרצייכענען אייניקע קוריאָזן דערבײַ.

אַף דער II־טער אַלוקראַיִנישער קאָנפערענץ פון ייִדישע פּראָלעטאַרישע שרײַבער (1931) איז פאָרגעקומען פאָלגנדיקער שטרײַט אַרום דער פּראָבלעם פון ליריק צווישן פינינבערגן און גילדינען:

פ י נ י נ ב ע ר ג: „די וויכטיקסטע ראָליע דאַרף שפּילן די פּאָליטישע ליד, אָבער ניט בלויז די פּאָליטישע ליד, נאָר אויך דער גרויסער לײַוונט. וואָס איז שײַעך דער ליריק, דער אינטימער ליד דענק איך, אַז אַזאַ ליד ד א ר ף א פ א ו ו ײַ ל ע א ו ו ע ק ג י י נ אָ ן א ז ײַ ט.

ג י ל ד י נ: עס קאָן זײַן סאָציאַלע ליריק אויך!

פ י נ י נ ב ע ר ג: עס הייסט ניט, אז אין א פּאָעמע וועגן אונדזער בויונג זאָל די לירִיק זײַן אויסגעשלאָסן, איך מיין, א ז ד י א י נ ט י ם־ל י ר י ש ע ל י ד ד א ר ף א י צ ט א וו ע ק ג י י ן אָ ן א ז ײַ ט.

ס'איז טאקע א סענסאציאָנעלע אנטדעקונג.

דער לירִיקער אפ דורכ און דורכ, ע. פינינבערג, טרײַבט די לירִיק, און גילדינ, וואָס דאָס לירישע איז פרעמד זײַנ שרײַבערישער נאטור פארטיידיקט די לירִיק פונ... פינינבערגנ!

פאר פינינבערגנ איז אָט אָ די טאקטיק פונ אָפּשטופּנ אפ א ווײַלע די לירִיק אָנ א זײַט ניט קיינ צופעליקע. דאָס זעלבע כאזוערט ער איבער אינ איינעם פונ זײַנע לידער.

— ווער דארפ זיי
אינ שווייסיקע וואָכנ,
די לידער פונ בלאָ
און פונ יאָנטעוו?
אינ לאנגנ געראנגל
מיט יאָכנ
זאָלנ זיכ לידער
ניט פלאָנטענ!

די לידער
מיט אויגנ, מיט בלאָע,
זיי זײַנען אוועק
פונ די פלעצער,
אונ נאָענט, אונ נאָענט,
אונ נאָענט
אינ וועלדער לעם ייִשעוו
באזעצט זיכ.

(פינינבערג).

ס'איז אנ אייגנארטיקער סטראטעגישער ריקצוג אפ די „פונ פריִער צוגעגרייטע פּאָזיציעס"!

די „לידער פונ „בלאָ" די לירישע לידער, הייסט עס, ווערנ ניט פארטריבנ אפ אייביק, זיי ווערנ בלויז אריבערגעפירט אפ א נײַער דירע: „אינ וועלדער לעם ייִשעוו" — זאָלנ זיי זיכ ניט פלאָ:טענ אונ זאָלנ זיי ניט רעגנ די „ראפּישע" קריטיק...

די וווּלגאריזאטערישקײַט האָט בעפיירעש, ניט ווייניק לירִיקער געשטופּט צו אזא מינ זעלבסטפארלייקענונג. דאָ שטעקט די גרויסע שולד פונ אונדזער קריטיק אונ אָט דעם גאנצנ איניענ, האָט דאָכ אפילע כ' דונעצ, זאָל זײַנ א קורצע צײַט, דאָכ געגלויבט, אז דער וועג פונ אונדזער דיכטונג איז פונ „לירִיק צו עפּיק". דערמיט האָבנ מיר אפ א געוויסער צײַט דעזאָריִענטירט דעם דיכטער, באזונדערס, די ווייניק־שטאנדהאפטיקע. אינ אונדזער יוגנט־דיכטונג איז אינ דער הינזיכט גאָר היפּש געזינדיקט געוואָרנ. אפילע אזעלכע פײַקע דיכטער, ווי קאָטליאר און אָליעווסקי האָבנ אָנגעהויבנ שעמענ זיכ מיט זייער לירישער שטים.

כאראקטעריסטיש איז אינ דער הינזיכט אָליעווסקי, וועלכער האָט (איבערכאזוערנדיק מאיאקאָווסקעס בארימטע שורע) געשריבנ:

סע זאָלנ צוגווינטנ ניט וואגנ מער —
איכ ווארג די ליד. איכ שטעל זיכ אפ דער וואכ
און דריי זיכ ארום, ווי א מ ליציִאָנער
אינ א שטורעמדיקער ווינטער־נאכט.

און נאָר דער קאָפּ—אין ליכטיקייט ער ברענט
און אפ די אויגנ—אופגעהאקט די לאָדנ;
ס׳וויגט זיכ דער אָפּשייַנ אפ ליימענע ווענט
די שייַנ פונ אויוונס,
דער ראש פונ זאוואָדנ.

(אָליעהסקי „ווער וועמענ״).

די ליריק ווערט דאָ קעננגעשטעלט דעמ „ראש פונ זאוואָדנ״.

בלאָשטיינענ קומט אפילע ניט אויס צו ווארגנ דאָס ליריש ליד, ער פּאטערט אָפּ דער מיט זייער ליכט.

איר זאָגט: איכ בינ
א הילצערנער אסקעט
נו, כאווערשע,
איר מאכט א גרויסנ טאָעס
אינ אָט דעמ פראט גראָד
אונדזער א פּאָעט
נישט קלענער פונ א פושקינ
צי טאָלסטאָי איז...
נאָר ס׳איז קיינ קונצ דאָכ נישט
און וויפל איז דער שיר
צו איבערקייַענ דאָס
וואָס שלאָגט לאנג צו דער גאל שוינ

(בלאָשטיינ).

איכ מיינ, אז בלאָשטיינ סרייַבט דאָ היפּש איבער. צו טאָלסטאָיענ און צו פושקינענ קומט ער נאָכ ניט. און ס׳איז, כלעבנ, בעפּיירעש יאָ א קונצ צו באשרייַבנ טאטיאנעס ליבע צו אָלעגינענ, אָדער נאטאשעס ליבע צומ פירשט אנדריי, ווי דאָס האָבנ געטאָנ פושקינ און טאָלסטאָי. און ס׳איז בעפּיירעש גיטע קיינ שיר צו דעמ, און שלאָגנ שלאָגט עס צו דער גאל בלויז דאנ, ווענ עס ווערט שלעכט אָנגעשריבנ.

א כיילעק אינ אָט די פּארקריפּלונגענ האָט אָנ שום סאָפּעק אויכ פּעפער.

א דיכטער מיט א גרויסנ אָנלאָד פונ סאָציאַלער אקטיווקייַט, מיט סינע צו אלעמענ וואָס „שיסנ אינ די הויכנ״, האָט פּעפער פונ די ערשטע יאָרנ דערפּאָלגרייַכ געפירט א קאמפּ קעגנ דער ייִדישיכסטיש-אינזיכיסטישער ליריק. ער האָט דעמדאָזיקנ קאמפּ געווונענ דערפאר, ווייַל ער האָט דער בורזשואזער און קליינבירגערלעכער ליריק קעגנגעשטעלט א גרויסע לירישע קראפט פונ גאָר א נייַער קוואליטעט. איכ וועל דאָ ברענגענ אלס בייַשפּיל א ליד, וואָס ווערט זעלטנ ציטירט, ווענ מע רעדט וועגנ פּעפערס לירישנ טאלאנט. פּעפער דערמאָנט זייַנע טעג אינ דעניקינישער טפיסע:

„אפ טישל ליגט צעפליקט א ביכל לידער—פושקינ,
מיר האָבנ אימ געלייענט שוינ אלע אמאָל זעקס
אונדז כאָלעמענ זיכ שטיל געלאטעטע טעפּלושקעס
מיט ווארעמקייַט און קויט, מיט פויערימ און זעק.

ס׳איז דאָ אזויפיל ווארעמקייַט, אזויפיל ליבער טרויער
אינ פרעמדער טריט פארגעסענע אפּ שניי
א מענטש קומט אָנ צו אונדז, א קאלטער און א גרויער
און ברענגט פונ הויפ א טאָפּ מיט קאלטער טיי.

פּושקינ, דערפעער, פויערים אָנעגינ
צו וואָס האָט ער דערשאָסנ לענסקענ אפנ שניי?
אינ הערצער טריפּט פונ האַרבסט א לעצטער רעגנ
מיר זיצנ אלע שטיל אונ זופנ קאַלטנ טיי".

צי זײַנענ אָט די דאָזיקע פײַנע לירישע סטראָפעס ניט קיינ אָנהייב פונ א נײַער אינטימער (ווי אינזיכיסטנ זאָגנ) ליריק פונ רעוואָליוציע? „מיר זיצנ אלע שטיל אונ זופנ קאַלטנ טיי"—ס'איז גאָר א נײַע ראַם פאַר לירישע צאַרטקײַט. „געלאַטעטע טעפּלושקעס"— דאָס איז גאָר א נײַער רעקוויזיט פאַר ליריק.

אונ סאַרא גרויסע לירישע קראַפט עס שטעקט אינ זיי!

איכ וועל ניט ציטירנ פיל גלענצנדיקע מיניאַטורנ פונ אנדערע ווערק בא פעפערנ. לירישע קראַפט כאַראַקטעריזירט ניט בלויז דעם יונגנ פעפער, וועמענס „יאַטנ" זײַנענ אזוי פאָלקלאָריש-דערוואַרעמט. דערמאָנט זיכ פעפערס לירישע פּייזאַזשנ אונ געזאַנגענ פונ „דנעפּרבוי", פונ פלאַסטנ אפילע!

האָט אָבער פעפער אינ ברענ פונ קאַמף קעגנ דער בורזשואַזער ליריק אפ א צײַט זיכ פארכלינעט מיט ליטפראָנטישנ אנטילירים, מיט איבערגעטריבענעם טראָפ אפ דער אזויגערופענער שלאָג קונסט (וועלכע קונסט איז ניט קיינ שלאָג-קונסט?) אונ אָנגעהויבנ פּאָלעמיזירנ אפ אזא אופנ:

„נאָר איצטער די נעכטיקע טעמפּנ צעשיט
אונ יאָג אפ די העכערע שטאַפּלענ!
מיר דאַרפנ מיט שאַרפער פּאָליטישער ליד
צעטרײַבנ
דעם לירישנ פלאַפּל!
יעדער אָס, יעדער קלאַנג—אפ הייסנ געוועט!
אפ הייצונג —
דעם כלאַם פונ די לירעס!
מיר דאַרפנ א ברי טאָנ
מיט גיפט פונ פּאַמפלעט,
א שטאָכ טאָנ
מיט שפּיז פונ סאַטירע!

פארוואָס עפעס אזא העגעמאָניע פונ „פּאָליטישער ליד" אונ סאַטירע? צו וואָס פארוואַנדלענ די דיסקוסיע וועגנ סטיל אונ שעפערישנ מעטאָד אינ א דיסקוסיע וועגנ זשאַנרענ?

אפנ פאַנ פונ יענע אנטילירישע שטימונגענ, וואָס זײַנענ געווענ אינ אונדזער ליטעראַטור, איז עס אָנ שום ספק אויסגעטײַטשט געוואָרנ ווי א פּאָלעמיק קעגנ ליריק.

אינ „פלאַסטנ" פּרוּווט פעפער ווידעראַמאָל אינ א ריי ערטער אונטערשטרײַכנ זײַנ אנטילירים. ער רופט זיכ אָנ אפצולאָכעס אנקעטשיק אונ בויט אויס א טעאָריע, אז „אנקעטעס די פּאַפּירענע ווייסנ פונ קיינ ליריק ניט".

די דאָזיקע טעאָריע האָט ניט ווייניק געשאַדט פעפערנ. זי האָט לעצטנס געפּענטעט זײַנ עמאָציע, זי האָט אים אינ פיל ערטער געשטויסנ אפנ וועג פונ געגראַמטנ לײַכטנ פלאַפּל—א זאַכ, וואָס אזא דיכטער ווי פעפער טאָר ניט דערלאָזנ. צום גליק איז פעפערס טאַלאַנט אסאַכ שטאַרקער ווי די אויסערלעכע טעאָרעטישע צוגווינטנ אונ פעפער גיט לעצטנס ווידעראַמאָל א קער זיכ צו ליריק.

פעפער אמניסטירט אפילע די „לעוואָנע“.

„פונ געשיכטע צו געשיכטע
האָב איכ ליב דיסקוסיע פירנ,
כ'האָב א פאָרשלאג צו די דיכטער:
די לעוואָנע אמניסטירנ!

לאָמיר אויסטאָנ די לעוואָנע
פונעם שימל אָרעמ־נאקעט,
אינ סאלאָנענ,
אפ באלקאָונענ
האָבנ ט נטלערס זי פארדראקעט...

ס'האָבנ זי געפוצט די סאָנימ:
א קליינבירגערלעכע קאלע.
איז דענ שולדיק די לעוואָנע
אינ די לידער די באנאלע?
(פעפער, „לעבנ זאָל דאָס לעבנ“).

פעפער פארשטייט גאנצ וויל בעלינסקיס געדאנק וועגנ דעמ, אז „אָנ ליריזמ וואָלטנ די עפאָפיי אונ די דראמע געווענ צו פראָזאיִש אונ גלייכגילטיק צו זייער אינהאלט“.

מע מוז אָבער דערביי געדענקענ, אז די לירישע אָפּווענדונג טאָרנ ניט פארוואנדלט ווערנ אינ א מיטל פונ געמיטלעכנ שמועס, אָדער אומופהערלעכע ליטעראַרישע דעקלאַראציעס. זי טאָר ניט פארבייטנ די סיוזשעטישע אקס אונ... זי טאָר ניט אופעסנ די פאָעמע (ווי דאָס איז געשענ, לעמאָשל, מיט קושנירעָוס „גענעראלע ליניע“). אָרגאניש ארייַנגעפלאָכטנ אינ דעמ עפאָס, שאפט אָט די לירישע אָפּווענדונג יענע אטמאָספער פונ היימישקייט אונ ווארעמקייט, וואָס דערנעענטערט דעמ לייענער צומ דיכטערס אָביעקט, שאפט צווישנ זיי אנ אינערלעכ קאָנטאקט.

כאשטשעוואצקיס בוכ „לענינ“ מאכט דעריבער אנ אייַנדרוק פונ א געשיכטע־קאָנספעקט, ווייל עס פעלט אינ פיל ערטער אָט דער ליריזמ. דאָרטנ, ווו עס גיט זיכ אָבער ליריש „א בראָכ דער קאָל“ בא כאשטשעוואצקענ באקומענ מיר פיינע קאפיטלענ.

דאָס זעלבע דארפנ מיר זאָגנ בנוגע צו ראָסינס פאָעמע „זינ אונ טעכטער“. ראָסינ איז אָנ אנ ערעכ לירישער פאר כאשטשעוואצקענ, האגאמ מע מוז צוגעבנ אז ראָסינ גייט אָפט אפנ ראנד פונ סענטימענטאלקייט. עס פעלט אימ דער „מענערשער אָטעמ“, וואָלט איכ געזאָגט. אָבער אינ דער פאָעמע „זינ אונ טעכטער“, זיינענ טאקע די שטארקסטע סטראָפעס יענע, אינ וועלכע מיר פילנ ראָסינענ — דעמ דיכטער, זיינ אוטאָביאָגראפישע ליידנשאפט, זיינ קאָנטאקט מיט די העלדנ, זיינ לירישנ קאָל:

„נאָכ שווער איז צו ריידנ פונ זיכ
אונ גרינגער אסאכ פונ יענעמ
ביפראט, אז פונ יאָסלס א שטריכ
וועט מענ דערקענענ אי מיכ
אונ צענדליקער יאָסלס דערקענענ“

אוודאי איז שווער צו ריידנ פונ זיכ. דערהויקער „זיכ“ דארפ זיינ אזא, וואָס זאָל רעגנ, וואָס זאָל צוציִענ צו זיכ.

די שוואכקייט פונ ליריק איז שטענדיק דער בולעטסטער סימענ פונ ניט רייפער דיכטערישער פערזענלעכקייט. וואָס רייפער, פילפארביקער, פרייער אונ זעלבשטשטענדיק

עס װערט די פּערזענלעכקײַט אין דער סאָציִאַליסטישער געזעלשאַפֿט, אַלץ רײַפֿער, פֿיל־פֿאַרביקער װערט דער לירישער קאָל אין דער דיכטונג.

דער קינסטלער נעמט דענסטמאָל ניט דעם מאַטעריאַל װי ער שטײט און גײט, ער נעמט אים פֿון זײַן אײגענעם אָריגינעלן שטאַנדפּונקט, ער ברעכט די קאָנאָניזירטע אײַנגעװאָרצלטע אַסאָציִאַציעס און װעקט נײַע.

איך װאָלט אײַך געקענט ברענגען פֿיל בײַשפּילן, װאָס זאָגן אײדעס װעגן דעם, אַז עס רײַפֿט אין אונדזער דיכטונג דער לירישער קאָל.

א רײ גלענצנדיקע דערפֿאָלגן האָט אין דעם געביט כאַריק. ער איז פֿון די ערשטע דיכטערישע יאָרן זײַנע אַרײַן אין אונדזער ליטעראַטור װי אַן עפּיקער מיט א קאָלאָסאַלן אַנלאַד פֿון ליריק. אָט דער „שרײַער“, אָט דער „טריבון מיט האָריקע אַקסלען“, װאָס האָט אונדזער דיכטונג געשענקט אַזױפֿיל פּאַטעטיק און סאָציִאַלן ברױז שרײַבט:

„פֿײַערלעכע אָװנטן אַף ליכטיקע עסטראַדעס
לײען איך און לײען ביז איך װער ניט מיד
אין גאָר מײַן גאַנצער אָפֿריכטיקײַט בין איך זיך מיסװאַדע
און זינג אַרױס פֿאַר אַלעמען דעם יאָנטעװ פֿון מײַן ליד.

הילכיק אַפּלאָדירט מען, נאָר עס איז מיר װײניק
הילכיק אַפּלאָדירט מען—און עס װילט זיך װײנען
פֿײַערלעכקײַט, פֿײַערלעכקײַט, פֿײַערלעכקײט, ליכט,—
און כ׳פֿאַרדעק אין שעמעװדיקער שטילקײַט מײַן געזיכט“.

דאָס איז ליריק פֿון גרױסן פֿאַרנעם. אונדזער קריטיק האָט, צום באַדױערן, ביז איצט זיך ניט אױסגעקליבן אָנצושרײַבן א גרעסערע אַרבעט װעגן כאַריקן — דעם ליריקער—ער איז אָן שום ספֿק דאָס װערט.

. כאַריק דער ליריקער איז קײנמאָל ניט סענטימענטאַל, אַפֿילע דאַן, װען „עס װילט זיך אים װײנען“.

און זױבערקײַט און *מענערשע* שטרענגקײַט ליגט אױסגעגאָסן אַף זײַן ליריק.

ער האָט די לעצטע צײַט אָנגעשריבן א ציקל לירישע לידער—זײ זײַנען נאָך צעװאָרפֿן איבער די זשורנאַלן, אָבער מע קאָן פֿאַרבײַ זײ ניט דורכגײן.

און פֿריִער פֿון אַלץ װעגן זײַן „אַרקטישער װיג-ליד“. די טשעליוסקין־טעמע איז א הױך־פּאַטעטישע טעמע. עס זעצט פֿון איר א הױכע טעמפּעראַטור פֿון סאָציִאַליסטישער העראָיִק. אָבער די דאָזיקע דערהױבנקײַט דראָט מיט קאַלטקײַט פֿון פּסעװדאָקלאַסישער אָדע (טאָראָסן... צאָפּנדיקע שײַן... העראָיִשע אַװיִאַציע...).

כאַריק דער פּאַטעטיקער איז גראָדע צוגעגאַנגען צו דער טעמע פֿון אַן אַנדער זײַט—פֿון איר ליריש-אינטימען, צאַרטן זע־װינקל.

דאָס מײדעלע קאַרינע װאַסיליעװע איז געװאָרן דער הױפּט־העלד פֿון זײַן באַגײַס־טערטן געזאַנג געװידמעט דער טשעליוסקין־עפּאָפּײ.

„אין דײַנע אױגן בלױלעכע דער אײַז האָט זיך געשפּיגלט
בוראַנען האָבן אומגעװיגט דײַן צאַפּלדיקע װיגל...
אונטער װײַסן בערן־ליד דו פֿלעגסט אַנטשלאָפֿן װערן
ס׳פֿלעגט די גרױסע בעריכע הױך דײַן אָטעם הערן.

פלעגט זי העל נאָר אָנצינדן אַלע אירע שטערן:
שלאָפט א קלײנע מײדעלע, דארף מען איר ניט שטערן.
שלאָפט א קלײנע מײדעלע און ס'שווימען קאָמוניסטן
זײ נעמען אײַן די שטערן־וועלט. די ווײַסקײַטן די וויסטע".

דערנאָך קומט צופליִען א יונגער פרינץ...
נײן, ניט קײן יונגער פרינץ, נאָר דער זעקס־און צוואנציק־יאָריקער לאפידעווסקי:

„שלאָפט אצינד דאָס קלײנינקע, דאָס קינדערלע דאָס קלאָרע
עס פליט שוין לאפידעווסקי דאָרט דער זעקס-אונצוואנציק-יאָריקער
האָריזאָנטן וויגן זיך: ער וועט זיך באלד באווײַזן
ער יאָגט זיך שוין, ער טראָגט שוין, ער מאכט אין הימל קרײַזן".

אזוי איז דער דערהויבענער, מאיעסטעטיש־העראָישער מאטעריאַל פארוואנדלט גע־וואָרן אין א לירישן וויג־ליד.

דער פאכעד פון צאָפנדיקע טאָראָסן, די דערהויבנקײַט פון צאָפן-שײַן (לאָמאָ־נאָסאָוו וואָלט נאָר דאָס געזען) איז פארשווונדן. „דער כ' שמידט „דער אָנפירער אין דער באָרד דער גרויסער" ווערט היימישער, לײַבלעך־נאָענטער, ווארעמער.

צי דען איז ניט אזא אונדזער העראָיִק?

כאריק ווענדט אָן זײער אָפט אָט דיראַזיקע אינטערווענץ פון ליריק, ווען ער האָט צוטאָן מיט דערהויבענעם פאטעטישן מאטעריאַל. דערמאָנט זיך ווײַן רמיזע צו דער עפּעפּונג פון סטאלינסטאַן („קײַלעכדיקע וואָכן") און דעם לירישן אָנשוווּם:

„הוידע מיך, הוידע מיך צוג פון מײַן יוגנט
מיט רעלסן צעדולטע אין לויף,
כ'בין הײַנט מיט יאָנטעוו ביז איבער באנוגנט
נעם איך זיך שטילער צונויף.
קינעלקעס ברענען אין גרויען ווײַסרוסלאנד
ליכטלעך פארכאָלעמט און דין
מײַן טאטע דער וואָכעדיק־מונטערער שוסטער
ארבעט באַם קנאקן פון קין".

א הייסער, לירישער שטראָם איז אדורך דורך דעם גאנצן צוג, דער שטילער פארכאָלעמטער קנאקן פון קין ווירקט מיט א מעכטיקער קאָנטראסטירנדיקער קראפט, מיט לירישער קראפט.

גרויסע דערפאָלגן אין געביט פון אונדזער נײַער ליריק האָט אָן שום סאָפעק דער דיכטער ז. אקסעלראָד.

ער איז פאראקשנט געבליבן טרײַ זײַן זשאנר.—דעם לירישן געמעל. ער האָט אים ניט פאראטן דאן, ווען אנדערע אויסגעשפּראָכענע ליריקער האָבן געפּרוּווט אפ שנעל „איבער־בויען זיך". א קאָפּע טאָן דעם לירישן „בלויען פויגל". ער האָט זיך א לאָז געטאָן זוכן נײַע וועגן אין די ראמען פון ליריק.

אזוי האָט ער א סאָף געמאכט צו זײַן אמאָליקער פאסיוויסטיש־לירישער געבראָכנקײַט. אזוי האָט ער ליקווידירט די אמאָליקע שטימונג־סטיכיי, וואָס פלעגט צעשווענקען די וועלטלעך פון זײַן לירישער מיניאַטור. אזוי האָט ער געפונען די נײַע ליר־ישע געשטאלט. אקסעלראָד האָט פארשטײַפט, פארפאבוליארוזירט זײַן ליריש ליד, ער האָט דיסציפּלינירט די שטימונג, ער האָט זי אײַנגעגלידערט אין ארומיקן שטײַגער פון סאָציאַליסטישער בויונג.

אַלץ ארום האָט אָנגעהויבן קל̃ינגען מיט יענעם ווונדערבארן כיין, וואָס אקסעל̃ראָד פארמאָגט אין זײַנע בעסטע ל̃ירישע ל̃ידער.

כ׳וועל̃ ברענגען א פּאָר בײַשפּילן. אָט שרײַבט אקסעל̃ראָד:

„ס׳איז קענטיק, פרײַנט מײַנער, אזא געזעצ
מיר ווערן על̃טער און פרווט דאָ עפּעס העל̃פן,
דער נײַער פריל̃ינג האָט זיך אויך שוין אָפּגעזעצט
און הינטער שטאָט אוועק אין ווײַטע וועל̃דער".

טראדיציאָנעל̃ע אקסעל̃ראָדישע ל̃ירישע סטראָפע. קאָנאָניזירטע סטראָפע, און ריטמיק (ער איז ביכל̃אל̃ א „קאָנסערוואטער" אין די דאָזיקע איניאָנים) עס וואָלט זיך דוכטן, אז נאָך די דאָזיקע שורעס וועט קומען די טראדיציאָנעל̃ע שלוס-סטראָפע וועגן „של̃ייפן, וואָס ווערן הויל̃" א.א.וו.

זעט אָבער, ווי אקסעל̃ראָד טראנספאָמירט די דאָזיקע שטימונג.

„הײַנטיקס יאָר ס׳טו דײַניקס דערגרייכט ·
און פאר דער צײַט נאָך דעם פארזיי פארענדיקט
און ס׳איז דיר א שאָדן איצטער אויך,
וואָס אָט דער פריל̃ינג איז אוועק ווי שטענדיק".

דער „צארטער", „אינטימער", „אינדיווידואל̃יסטישער" אקסעל̃ראָד האָט „פארשווערט" זײַנע ל̃ירישע שורע מיט א ביול̃עטען וועגן דער פארזיי-קאמפּאניע!

און באמערקט, ווי אָרגאניש עס איז אײַנגעוואקסן אין טעקסט. דאָס פארענדיקן די פארזיי-קאמפּאניע איז געוואָרן אן אָרגאנישער סימען פון פריל̃ינג, ווי, לעמאָשל̃, אמאָל̃ דער בושל̃.

אקסעל̃ראָדס ל̃ירישע געשטאל̃ט פאָרט צונויף זייער אָרגאניש אין זיך דעם שטיל̃ן ל̃ירישן בענקען („מיר ווערן על̃טער און פרווט דאָ עפּעס העל̃פן") און דעם קאמף פאר ענדיקן צו דער צײַט דעם פארזיי, אזוי ווי אָרגאניש עס איז מיט ל̃יריק אָנגעזאָפּט זײַן ציקל̃ ל̃ידער וועגן דער רויטער ארמיי. ווי דרייסט דער ל̃יריקער אקסעל̃ראָד פירט ארײַן דאָס וואָרט „נאהאן" אין זײַנע ל̃ירישע ל̃ידער!

„און עס גיט ניט קיין דראָע דײַן טונקעל̃ע ברעם
אינעם גרויען שינעל̃ און רויטארמייִשן של̃יעם
און דו האל̃סט דעם נאהאן אין דער רעכטער האנט
פאר די גרענעצן-סל̃ופּעס פונעם גרויסן ל̃אנד.

ווען עס קל̃אפּט אינעם בל̃וט אזוי מעכטיק און קל̃אָר
דאָס דריטע צענדליק שטראל̃נדיקע יאָר"

אָט די איינהײַט פון אינדיווידועל̃ער ביאָגראפיע און דער העראָישער ביאָגראפיע פון אונדזער רעוואָל̃יוציע; אָט דער וווקס פון דער נײַער פערזענל̃עכקײַט מיט זייערע נײַע עמאָציעס—דאָס כאראקטעריזירט אונדזערע בעסטע יונגע פּאָעטן.

אין דעם שטעקט קאמענעצקעס אָריגינעל̃ע דיכטערישע קראפט. אין דעם שטעקט די דיכטערישע קראפט פון אזעל̃כע דיכטער, ווי מ. טײף, מ. הארצמאן א. אנד.

א ל̃יד וועגן אונדזערן א סאָוועטישן יאָנטעוו („א געל̃עגנהײַט-ל̃יד", ווי מע רופט עס אָן) הייבט אָן קאמענעצקי אזוי:

„ס׳איז הײַנט בא אונדז יאָנטעוו אין ל̃אנד פון סאָוועטן
דערצו נאָך איז הײַנט אזא גל̃ענצנדער וועטער".

דער גל̃ענצנדער וועטער האָט אויך אסאך צו זאָגן אין דיכטונג!

און די לעוואָנע איז אויכ ניט פארווערט. זי ווערט גאָר אפ א נײַעם אויפנ אײַנגעמאָנטירט.

„און זע נאָר,—דער מוילעד,
אפ מײַנ ערנ וואָרט,
איז פינקטלעכ געראָטנ
אפ ענגעלסעס באָרד...
איז ווער איכ ניספּאָעל און כאפ און פארויכער
איכ שמייכל, איכ רויכער און קוק אינ די הויכנ".

דעמזעלבנ טאָג וועט איר געפינענ אינ טייפס בעסטע לירישע לידער און קאפיטלענ. זעט, ווי טייפ פאסט אײַנ אינ א לירישע ראמ אלע זײַנע לעצטע פאטעטישע פּאָעמעס. און אז טייפ שרײַבט וועגנ אינדוסטריִאליזאציע באקומט זיכ בא אים אָט וואָס:

„פונ ווײַסנ מורמאנסק ביז די יאלטער
הייסע ברעגנ גרינע,
הער איכ ווי עס דרייענ זיכ
רעדער פונ טורבינעס,
הער איכ ווי עס פאלנביימער
ווי עס קלינגענ זעגנ, —
שטרויענע ראסייע
לאָמיר זיכ צעזעגענענ
אינ ווײַטנ מינסק שטייט אופ מײַנ טאטע
א גרוס דיר הייס פונ דײַנ מעזיניק"...

ווידעראמאָל די זעלבע לירישע אינטערווענצ פונ אינדיווידועלער ביִאָגראפיע.

אזוי גייט דער קאמפ פארנ לירישנ קאָל אינ דער יִדישער סאָוועטישער דיכטונג.

מיט וואָס זאָל איכ פארענדיקנ אָט אָ דעם קאפיטל? איכ וועל אים פארענדיקנ מיט הארצמאנס סטראָפעס פונ זײַנ לירישער ווענדונג צום „ליכטיקנ מענטש פונ דער צוקונפט":

וועסט זיכ פאָרשטעלנ מיכ ווי איכ קריכ עס
צום בלויִלעכנ ארצ אפ די בערג
און מײַנע פאראקשנטע קינענ
און מײַנע פארציטערטע ווערק

כיהאָב ווייניק געזונגענ פונ פויגלענ,
נאָר איכ האָב זיי ליב דאָכ געהאט,
אז קיינער האָט ניט געזענ
פלעג איכ קושנ א טאָפּאָל-בלאט".

אונדזער דיכטונג פארענדיקט מיט אָט אָ דער צעצווייטקײַט. קיינמאָל האָט דער מענטש ניט געהאט אזוי דאָס רעכט צו באזינגענ דעמ פייגל און קושנ א טאָפּאָל-בלאט ווי דער מענטש פונ סאָציִאליזם.

ער דארפ זיכ ניט באהאלטנ.

זײַנ לירישער געזאנג איז דאָכ דער געזאנג פונ דער באפרײַטער און קעמפנדיקער מענטשהײַט!

## 4. װעגנ געשטאַלטיקײַט אונ דער דעטאַל.

פאַראַנ בא כאַשטשעװאַצקענ אַזעלכע שורעס:

„מיר זאָגנ—א הויז.
אונ דער אויסזענ פונ אויסיעס
דער קלאַנג פונעמ װאָרט ניט אַנטפּלעקט
נאָר פאַרדעקט,
צי מיר מײנענ
א מעכטיק פילגאָרנדיק הויז עס, —
צי א שטיבל א לײמענס
אינ א שטעטלשנ העק“.

דאָ האָט פאַר אונדז דער דיכטער כאַשטשעװאַצקי אָװעקגעשטעלט אַפ זײַנ דיכטערישנ אויפנ—געשטאַלטיק—אײנע פונ די גרונט-פּראָבלעמענ פונ אונדזער סאָװעטישער דיכטונג—די פּראָבלעמ פונ איר ספּעציפיק.

מיר ריידנ אָפט װעגנ דעמ, אַז דער קינסטלער אָפּערירט ניט מיט באַגריפנ, נאָר מיט געשטאַלטנ. עס װאָלט געװענ ניט ריכטיק צו מײנענ, אַז דער אונטערשייד צװישנ באַגריפ אונ געשטאַלט באַשטייט אינ דעמ, װאָס דער באַגריפ איז אַבסטראַקט אונ די געשטאַלט איז קאָנקרעט. דער באַגריפ „סכוירע“ בא מאַרקסנ אינ „קאַפּיטאַל“ אַנטהאַלט אינ זיך א גרויסנ רײַכנ קאָנקרעטנ אינהאַלט פונ מענטשלעכער סאָציאַלער פּראַקטיק. אונדזערע אַבסטראַקטע באַגריפנ—די באַגריפנ פונעמ װיסנשאַפטלעכנ קאָמוניזמ, זײַנענ אָנ אַנ ערעכ קאָנקרעטער אײדער די פאַרשײדענע קאָנקרעטע פאַקטנ פונ בורזשואַזע אונ קלײנבירגערלעכע עמפּיריקער אונ פאַקטאָגראַפנ.

דאָס קינסטלערישע געשטאַלט אונטערשײדט זיך פונעמ לאָגישנ באַגריפ דערמיט, װאָס זי גיט אינ דער פאָרמ פונ אײנצלנעמ אונ קאָנקרעטנ, אינ „זינלעכער“ (чувственных) קערפּערלעכער פאָרמ דאָס אַלגעמײנע. דעריבער איז דער דיכטער כאַשטשעװאַצקי אַזוי ניט צופרידנ מיטנ באַגריפ „א הויז“. פאַרנ דיכטער איז װיכטיק נישט **א** הויז—אימ איז װיכטיק **דאָס** הויז, אימ איז װיכטיק, צי דאָס איז א פילגאָרנדיק הויז, צי א שטוב א לײמנס. אימ איז װיכטיק דאָס פאַרבנ-שפּיל, דער קאָלאָריט, דאָס אײנצלנע, װאָס טײלט אויס דאָס הויז פונ אַלע אַנדערע הײַזער אונ װאָס גלײַכצײַטיק רעדט עס אינ נאָמענ פונ א געװיסנ סכומ הײַזער (ס'איז טיפּיזירט).

מיר האָבנ אינ אונדזער ליטעראַטור-קריטיק, צומ באַדויערנ, ביז איצט די דאָזיקע פראַגע אַפ קאָנקרעטנ פּאָעטישנ מאַטעריאַל קימאַט װי ניט געשטעלט. אויב עס זײַנענ געװענ פּרוּװנ אָנצורירנ די דאָזיקע פראַגע, זײַנענ עס אָפטער געװענ פּרוּװנ פונ װולגאַריזאַטאָרנ, װעלכע האָבנ געמײנט אָפּצוקומענ מיט אַלגעמײנע פאָרמולעס װעגנ דעמ, אַז דער קינסטלער דאַרפ „געבנ די װירקלעכקײַט, באַפרײַט פונ דאָס צופעליקע“. אָבער גראָד דאָס „צופעליקע“, װעגנ װאָס מאַרקס האָט אַמאָל געזאָגט, אַז אָנ דעמ װאָלט די געשיכטע געהאַט א מיסטישנ אויסזענ,—גראָד אָט דאָס קלױמערשט „צופעליקע“ איז אַנ אָפטער גאַסט אינ דער דיכטונג. דער רוסישער קריטיקער טקאַטשאָװ, װעלכער האָט אַפ זײַנ אויפנ, טײַכײַש, ניט אײנמאָל זיך אָנגעשטויסנ אַפ מאַרקסיסטישע עמעסנ, האָט טאַקע גערעדט װעגנ דעמ, אַז „ניט װעזנטלעכע דעטאַלנ“ שפּילנ א באַדײַטנדיקע ראָל אינ קונסט. ניט װעזנטלעכ אונ צופעליק קענ זיך עס אויסדוכטנ פאַר דעמ, װעלכער איז טויב פאַר דער שפּראַכ פונ קונסט,—װעזנטלעכ אונ װיכטיק איז עס פאַרנ קינסטלער.

איציק פעפער, װעלכער האָט ניט װײניק שפּעריִשע פּראָבלעמעס אױפגעהױבן — ניט בלױז אין זײַנע פּובליציסטיש-ליטעראַרישע אַרױסטרעטונגען, נאָר אױך אין די פֿאַרשײדענע ליטעראַריש־פּאָלעמישע אָפּװענדונגען אין זײַנע לידער,— האָט א היפּשע צײַט לײַדנשאַפטלעך און פֿיִנאַנסיש געזוכט די לײזונג פון אָט דער פּראָבלעם.

װאָס איז די ספּעציפיק פון דער דיכטונג, און װאָס איז דאָס צופעליקע?

אין די „געפונענע פונקען" האָט פעפער אמאָל פּראָקלאַמירט.

צו װאָס זשע און צו װען
פארצײכענען באַזונדער
צי אױגן זײַנען בלױ,
צי אױגן זײַנען שװאַרץ? —
בא יעדערן פון זײ
א טראָפּן פון מײַן װוּנדער.
בא יעדערן פון זײ
א שטיקל פון מײַן האַרץ.

דער טראָפּן „סאָציִאַליסטישער װוּנדער" — דער טראָפּן „פּראָסטער װוּנדער" האָט, װי באַקאַנט, באַצײכנט די בעסטע לידער פון פעפערס דיכטערישן יוגנט־פּעריִאָד.

עפּשער איז טאַקע דעמאָלסט ניט אַזױ װיכטיק געװען, צי די אױגן זײַנען בלױ, צי די אױגן זײַנען שװאַרץ. האַגאַם דאָס אַנטשפּרעכט ניט דער װירקלעכקײַט אפילו בענעגײע צום יונגן פעפער.

פעפער האָט דאָך אין זײַן ראָמאַנטיש־העראָיִשער דיכטונג װעגן קאָמסאָמאָל גראָד שטאַרק אַכטונג געגעבן ניט בלױז אױף די „גראָװע פאַרגעסענע אױגן", נאָר אױך אױפן „היטל דײַן גראָװוס אױף דער זײַט" און אױפן „װײַסן פאַרטעך, מיט װעלכע עס זײַנען פאַרבונדן די װוּנדן" א.א.װ.

דאָס גראָד האָט טאַקע צוגעגעבן פעפערס פרײִקער העראָיִש־ראָמאַנטישער ליריק די עכטקײַט פון דיכטונג.

אין יעדן מאָל, װען פעפער דער דיכטער פאַרגעסט אָן זײַנע צוגעטראַכטע פּאָלעמיש־פאַרשפּיצטע טעאָריעס, װאָס װערן אים געליפערט פון דער זײַט, האַלט ער זיך באַם זעלבן קװאַל.

פעפער שרײַבט גאָר לעצטנס װעגן דער טשעליוסקין־עפּאָפּײ.

„אין פעלץ אין מאָכיקן, מיט שנײ פאַרשאָטן
האָט זיך א הײב געטאָן דער קאָמוניסט".

אָדער:

„א פיצל קינד האָט זיך צעװײנט אונטער די שטערן
ס'האָט ניט געװוּסט דאָס קלײנע קינד,
אַז ס'איז א טײל פון יענע הונדערט,
װאָס האָבן זיך צעהילכט אין װעלטן אומעטום".

אָדער:

„אױף טונקלען אײַז האָבן זיך פּרימוסן צעזשומעט
און פאַר די אײַז־געפאַנגענע געװאַרעמט טײ".

דער מאָכיקער פעלץ, דאָס פיצל קינד אױף די טאָראָסן, דער זשום פון פּרימוסן אױפן אײַז — דאָס זײַנען אַלץ „קלײניקײַט",— אָבער יענע קלײניקײַטן, װאָס שטעלן פאָר מיט זיך א מעכטיק געװער פון דער דיכטונג.

מע רעדט ניט ווייניק וועגן דעם, אַז דער קינסטלער איז ניט קיין כראָניקער, וואָס דערציילט גענוי. פעפער שרײַבט טאַקע אין זײַנע „פלאַסטנ", אין אָרדענונג פון ליטעראַרישער פּאָלעמיק:

ניט נייטיק איז דערציילן געניי, וואָס מע האָט גערעדט
א ליד איז, ווי מיר ווייסן, ניט קיין פּראָטאָקאָל.

אָבער גראָד די דיכטונג הויבט זיך אָן דאָרטן, ווו עס הייבט זיך אָן די „גענויע שילדערונג": וואָס פאַר א הויז עס איז צי א פילגאָרנדיק הויז, צי א שטיבל א ליימענס אין א שטעטלשן העק. דאָס גענויע אין קונסט איז א ספּעציפישע קאַטעגאָריע. דאָס איז א טיפּיזירטע דעטאַל. דעריבער איז אין דער היגויכט פאַר דער פּאָעזיע ניטאָ קיין „איבעריקע רייד". דאָס, וואָס עס איז איבעריק צו זאָגן אין דעם גענויסטן פּראָטאָקאָל, איז גראָד נייטיק צו זאָגן אין א ליד. פעפער איז דעריבער ניט גערעכט, ווען ער שרײַבט:

„און קלאָר איז אווארע, עס איז איבעריק זאָגן,
ווי שטענדיק באַם שווארצן איז ליידיק דער מאָגן
מײַן ליד וואָלט עקזאָטיש מיט פאַרבן געאָטעמט,
נאָר איך בין פון קינדווײַז א פײַנט פון עקזאָטיק
די טעמע אליין איז פון אלעם מיר ליבער
און טאַקע דערפאַר צו דעם טאָך גיי איך איבער".

אָבער דער דיכטער הויבט דאָך אָן גראָד דאָרטן, ווו עס ענדיקט דער פּובליציסט, ווען ער זאָגט; אַז „עס איז ווי שטענדיק באַם שווארצן ליידיק דער מאָגן". דער טאָך פון דיכטונג הויבט זיך טאַקע אָן נישט פונעם הוילן פּאַבלדיקן איניען, נאָר פון דער אַזויגערופענער, „עקזאָטיק", ד. ה. פון דאָרטן, ווו דער הונגעריקער שווארצער הויבט אָן אָטעמען מיט קאָנקרעטע, שטייגערדיקע, נאַציאָנאַלע פאַרבן.

„דער איניען איז אויך דיכטונג" שרײַט אויס פעפער, וועלכער האָט זייער פיל געטאָן פאַר דער פּאַבוליאַריזירונג פון דער מאָדערנער סאָוועטישער פּאָעזיע. דער איניען איז אויך דיכטונג,— וועט יעדער פון אונדז אונטערהאַלטן פעפערן אין קאַמף קעגן לירישער צעקראָכענער שטימונגערײַ, קעגן פּאַבולאָזיקײַט אין דער פּאָעזיע, קעגן סיוזשעטישער ווײַכלײַביקײַט.

די געפאַר אָבער הויבט אָן צו לויערן דאָן, ווען בא אייניקע שרײַבער (אין א רייערטער בא פעפערן) ווערט דער הוילער פּאַבלדיקער איניען, די טעמע, דער טאָך פון דיכטונג. אין זײַנע סטראָפעס, געווידמעט דעם זיג פון דער סאָוועטישער טעכניק—דעם סאָוועטישן בליומינג, שרײַבט כאַשטשעוואַצקי:

„טיכאָמיראָוו, ניימייער און זילע און טילע —
ס'איז נעמען פון 4 אינזשענערן,
צי יונגע, צי אַלטע, ס'איז וויכטיק אַלע,
נאָר כ'נעם זיך עס איצט ניט דערקלערן".

צי דאַרף מען דערמאָנען כאַשטשעוואַצקען זײַן אייגענעם טרעפלעכן בײַשפּיל מיטן באַגריף „הויז", וועגן וועלכן מע ווייס ניט, צי ס'איז א פילגאָרנדיקס, צי א שטיבל א ליימיקס?

די דיכטונג קאָן ניט אויסקומען אָן דעם אינדיווידואַליזירטן פּאָרטרעט.

פעפער האָט אָפּ זײַן אויפן זייער שאַרפזיניק „באַשפּילט" אין זײַנע „פלאַסטנ" דעם באַגריף „אָנפּערזאָניקײַט". פעפער שרײַבט וועגן טויער, ווען עס פעלט אפּאָנעם אין

דעריבער, הײסט עס, איז נאַטירלעכ, וואָס דער דיכטער פעפער גיט ניט זײַנ פאָרטרעט אָבער דאָס טאָר דאָכ ניט גילטנ ווי א גענעצ!

סײַ פעפער, סײַ די בעסטע פאָרשטײער פונ אונדזער דיכטונג פילנ אינ זײער טאָג־טעגלעכער דיכטערישער ארבעט די גרויסע וויכטיקײַט פונ דאָס „צופעליקע", פונ דאָס „גענויע", „קלײנלעכע", „ניט וועזנטלעכע" אינ קונסט. דערמאָנט זיכ יענעמ גלענצנדיקנ אָרט אינ כאַריקס „קײַלעכדיקע וואָכנ", ווענ עס ווערט צעשעדיקט די עלעקטרעסטאַנציע. דער באַגריפ „צעשעדיקטע עלעקטרעסטאַנציע" ווערט צעגלידערט אפ א רײ „קלײניקײַטנ", וואָס שאפנ א גלענצנדיק בילד:

„א טראַמוויַי איז געבליבנ מעוולוול פאַרטראַכט אפנ בריק.
עס האָט זיכ דער אָטעמ דערוואָרגנ אינ האַלדז פונ פאַבריק.
ס'האָט א רײַטער געגעבנ א שפרונג אינ קינאָ
אונ איז שוינ ביז סאָפ ניט דערשפרונגענ.
דער הויכרײדער האָט זיכ דערשטיקט אפ האַללאָ
אונ האָט שוינ זײַנ ליד ניט דערזונגענ.
אינ קאָלווירט ברענט א פעכיקע שײַטעלע קינ,
עס כליפעט אינ יאַסליעס צעשראָקנ א קינד.
אוראַלט אפ אוראַלט דאָ הויערט אונ שטיקט"

גלענצנדיקע בײַשפילנ פונ אזא מינ געשטאַלטיקײַט, פונ פלאַסטישער קערפערלעכקײַט גיט אינ זײַנע סטראָפעס פערעצ מאַרקיש.

דאָ האָב איכ אינ זינענ ניט יענע פאַטעטישע, אָפטמאָל מעליצעדיקע „פעלזנ־געשטאַלטנ", וואָס מאַרקיש וואַלגערט אָנ אינ אײניקע זײַנע אָדעאַרטיקע געזאַנגענ. גראָד ניט דאָ שטעקט מאַרקישעס פלאַסטישע געווירע.

מאַרקיש האָט נאָכאַמאָל אינ זײַנ „וואָלינ" אופגעדעקט א שלאָל שטײגער־סקולפטור אונ פאָרטרעטנ־סקולפטור. דאָ האָט ער באַוויזנ אינערלעכע דיסציפלינ פונ קאָמפאָזיציע. דאָ האָט ער באַוויזנ טאַלאַנט אונ געשמאַק פאַר טיפיזירטער דעטאַל.

אינ זײַנ לעצטער פאָעמע „אנשל דער זאַליאַזניק" פאַרפולקומט מאַרקיש אָט די דאָזיקע קינסטלערישע אײגנאַרטיקײַט זײַנע. אינ „אנשל דער זאַליאַזניק" ווערט איר מאַמעש פאַר־בלענדט פונ שלאָל סקולפטור, וואָס איז דערצו נאָכ פעסט צעמענטירט אונ קאָמפאַנירט. יעדע דעטאַל זײַנע ווירקט מיטנ קויעכ פונ א פאָרמול, זי איז אָנגעזאָפט מיט א גרויסער עפאָכע־דערפאַרונג. אָט טרוימט ער—דער ליקווידירטער באַלעגופישער קלאַס—וועגנ זײַנ אמאָליקנ האָב אונ גוטס. וועגנ זײַנ קראָמ.

לײענט אָט די „ניט וועזנטלעכע", „צופעליקע" דעטאַלנ:

„נאָר ער האָט זיכ געדרײט ארומ דער קראָמ דאָרט
אונ אפ זײַנ בײזנ ווונק
זײַנענ פונ קראָמ, ווי פונ א קאַטאַקאָמבע
געקראָכנ פליטעס אָפגעברענטע אויוולעכ אונ טשאַוונ.
אונ קליאַמקעס מעשענע פונ אַלטע טויערס
אונ שלײַפשטײנער צעבראָכענע אונ מעסערס קאָלערלײ
אונ פונ דער קלײט,
ווי פונ א קיווער האָבנ בײנערדיק געלויערט
די קײַלעכדיקע וואָגשאָלנ מיט זשאַווערדיקנ אײַטער
ווי שאַרבנס מעשענע, פאַרוואַלגערט פונ פאַרצײַטנ...

זאָס איז ניט קיין אבסטראַקטער באגריף „קראָם“. ס׳איז די קראָם וואָס האָט אמאָל געשאפן אנשל זאליאָזניקס באזע פון פּאָליטישער און עקאָנאָמישער מאכט. ס׳איז די קראָם וועגן וועלכער ער טרוימט איצט, און דעריבער זײַנען אזוי קינסטלעריש געזעצמעסיק אָט די, געשילדערטע אין „פארגרעסערטן פּלאן“ שלײַפשטיינער צעבראָכענע, און מעסערס קאָלערלײַ, און קײַלעכדיקע וואָגשאָלן, און פּליטעס אָפּגעברענטע.

אפן זעלבן אויפן, אָפּערירנדיק מיט קערפּערלעכער דעטאל, שאפט דער קינסטלער אקסעלראָד זייער ראפינירט א לירישע שטימונג פון פארלאָרנקייט און בענקשאפט דורך א הויפן צעבראָכענע שוועבעלעך. זײַן כאווערטע פאָרט אוועק. ווײַט איבער טויזנטער קילאָמעטער. דער דיכטער איז אופגערעגט, צערודערט:

„איך זיץ און ברעך די שוועבעלעך אין האנט
א גאנצער הויפן העלצעלעך—סארא שרעק איז.
צען טויזנט קילאָמעטער אין אונדזער לאנד
איז טײַערע, ניט פון די קליינע שטרעקעס“,

אפן זעלבן קינסטלערישן מאניר שאפט דער דיכטער קאמענעצקי די אטמאָספער פון א פארענדיקט קאָמסאָמאָליש לעבן דורכן „דינינקן ביכל מיט שנייוויַיסע ראנדן“ — דאָס מיטגליד־ביכל פון קסמ:

„איך מיש אוּפ א בלעטל,— אופשריפטן פינקלען,
איך לייען פאמעלעך א וואָרט נאָך א וואָרט
פאר יעטווידער כוידעש איז אָפּגעצאָלט פינקטלעך
געוויס יעדער אָפּצאָל איז דאָ אפן אָרט“.

דער באגריף „טויט“ ווערט דאָ פארקערפערט אינעם דינינקן מיטגליד־ביכל פון קסמ מיט די אָפּגעמערקטע כוידעשדיקע מיטגליד־אָפּצאָלן. ווײַטער וועלן זיי שוין ניט ווערן אָפּגעצייכנט...

סארא נײַע, מאטעריאליזירטע שטייגער־אסאָציִאציעס פאר אזא מין „אייביקע טעמע“ ווי טויט!

די בעסטע סטראָפעס בא אזא דיכטער ווי קוויטקאָ, זײַנען יענע, וווּ דער באגריף ווערט פאנאנדערגעלייגט אפ זײַנע איינצלנע „ניט וועזנטלעכע“באשטאנד־טיילן. דעמלט גיט א שפּיל קוויטקאָ מיט דאָס בעסטע, וואָס ער פארמאָגט אין זײַן דיכטונג,—מיט זײַן כוש פאר פלאסטיק:

„טאָרבעס צעבינדן זיך
ברויט געשמאקע
די פויערשטע שטערנס נידעריק געבאקן
קניפּיקעס שנײַדן
די קאָרענע רייפטן
און סאלע ניט שמעלער
מיט ראָזעווע שטרייפן.
פון מײַלער צו מײַלער
א ליידיקער קריגל
מיט ביטערע טראָפּן
די מײַלער זי זיגלט.
א שווײַגנדיק פינצטערער
פרעסן און זויפן,—
אין מארק א צוזאמענפאָר
פון באלעגופים“.

די גרעסטע געפאר פאר אונדזער דיכטונג איז דאָס ניט פארשטײן אָט דעם צוזאמענהאנג צווישן באגריף און געשטאלט, צווישן טאָכ און דאָס „ניט ווענטלעכע״.

צי שטײט ניט פאר אונדזער דיכטונג די געפאר ארײַנצופאלן דערבײַ אין די אָרעמס פון אימפרעסיאָניסטישער דעטאל־גריבלערײַ.

דער איצטיקער צושטאנד פון אונדזער פאָעזיע, די געפאר פון סכעמאטישן באגריפמאבל איז אזא, אז קוידעמקאָל דארף מען רײדן וועגן דעם, אז אונדזער פאָעמישע סטראָפע פעלט אָט אָ דאָס, „אײנצלנע״, די עקזאָטיק״, דער קאָליר פון די אויגן.

דעריבער איז געווען מעגלעך, אז אפילע אזא באדײַטנדיקער דיכטער מיט גלענצנדיקן כוש פאר דער דעטאל ווי מארקיש, זאָל וועגן דער טשעליוסקין־ עפּאָפּײע שרײַבן אזעלכע אבסטראקס־ריטאָרישע באגריף־שורעס:

„און געמאָלדן האָט מוט אינעם אײנזאם פון נעכט
אונדז געהערט דער הימל ווי עס געהערט אונדז די ערד
ניט אף רויב האָט אפסנײַ זיך גלאָזט פראָמעטײ
ניט אף שטאָלץ פאר געזאנג און געשמיד צו דעם שטײן,
נאָר א הײב טאָג דעם קאָפּ אף א קאָפּ אינדערהויך
און בעוואג איז פאראן און עס וועט זײַן דער דערגרײך.
צו דער אור און געהײם איז געגאן זײער דראנג״.

דעריבער איז געווען מעגלעך, אז אזא דיכטער ווי פיגינבערג זאָל וועגן דיזעלבע קאָנקרעטע טשעליוסקינצעס און זײערע העראָישע רעטער שרײַבן מיט ביבלישער מליצע ווי , ע״:

עס וואקס די גוורע
און ס׳וואקסט דער שעם,
דער פרײַער דרײסט
קומט בײַ דעם שניי־געוויטער.

אָט דאָ שטעקט די הויפּט־געפאר.

דאָס פארשטײט זיך באטײַט ניט, אז ס׳איז ניט פאראן די געפאר פון צוגעטראכטער דעטאל פ״ג אימפרעסיאָניסטישן צאצקלען זיך מיט דער דעטאל, אונטער וועלכער מע זעט ניט דאָס גאנצע.

דער רוסישער קריטיקער וואָראָנסקי האָט אמאָל, פּראָפּאגאנדירנדיק די נײטיקײט פון דער קינסטלערישער דעטאל, באמערקט, אז פארן דיכטער איז וויכטיקער צו באווײַזן „א בינטל הערלעך אין נאָז״ פונעם העלד אײדער די גאנצע פיגור פונעם העלד.

ס׳איז א קאבצאָניש־ אימפּרעסיאָניסטישע פילאָזאָפיע, וואָס זעט ניט דאָס פארגאנצטע אין דער אויסערלעכערווירקלעכקײַט, נאָר דאָס אײנצלנע. [1]

---

[1]) ס׳איז איבעריק צו זאָגן, אז באזונדערס דארף מען זײַן אָפּגעהיט פון באלעכעסלדיק־קאָנאָניזירטע דעטאלן. באנע לעווין—א פײַקע דיכטערן מיט קולטור, האָט ניט געסאָרט דערלאָזן אזעלכע שורעס:

„נאָר באנאכט,
ווען פאר קײנעם דארף מען זיך ניט פײַנען
ווילט זיך מיר אזוי, דו זאָלסט מיר זאָגן:
— דײַנער!
און זאָל דאָס זײַן דיר ווילד,
און זאָל עס זײַן דיר פרעמד,
באמערק, ווי פרוזש־צארט
זײַנען שפיצן בא מײַן העמד.

(לעווינע—„צושטײַער״)..

אינ דער יידישער פאָעזיע איז אָט די געפאר—דער פאטאָס פונ האָפשטיינס ליריש-אימפרעסיאָניסטישער „פארקלענער־גלאָז״ געווענ אמאָל גאנצ שטארק. ס׳איז דעריבער באַוונדערס נייטיק צו געדענקענ וועגנ דער דאָזיקער געפאר.

דער קאמפ, ווי אומעטום, דארפ דאָ גיינ אפ צוויי פראָנטנ. איכ וועל ברענגענ בלויז איינ בײַשפּיל.

אינ זײַנ פאָעמע „דיסנער טשײַלד האראָלד״ האָט מ. קולבאק געגעבנ א ריי מוסטערהאַפט-קאָנדענסירטע בילדער, וואָס זײַנענ געבויט לויט דער אימפרעסיאָניסטישער מאניער. ער שילדערט זײַנע געשטאלטנ סילועטיש. ס י ל ו ע ט נ, וו אָ ס פ א ר ג ע ס נ ז י כ נ י ט.

אָט איז איינ בײַשפּיל:

„א כאָרעווער וואָקזאלכל. שטיל. שפעט.
דער רעגנ וואשט די טעלעגראפ־דראָטנ,
אונ דאָ פארבײַ די שויבנ גייט אדורכ א שאָטנ
אונ ס׳לײַכט ארויס א שטאָלענער באגנעט,
א באָלשעוויק! דאָס פאפירעסל אינ די ציינער
די אויגנ קאָסאָוואָקלעכע. ער היט״.

דאָ באקומט איר זייער א בוילעטנ, שפאָרזאמענ סילועט. אָבער ווענ קולבאק ווענדט אָנ אָט די דאָזיקע מאניער צו אופגעשויבערטע מאסנ־סצענעס, באקומט זיכ אנ אײַנדרײַס צווישנ דער געשטעלטער אידייִשער אופגאבע אונ דעמ קינסטלערישנ עפעקט. דענסטמאָל באמאָלט קולבאק צו רויק אונ צו דעטאל די פײַפע באמ שטרײַקער, אונ איבערגעטריבנ, פארקלענערט—איז, דאָס בילד פונעמ ארבעטער אפ דער באריקאדע:

„אנ ארבעטער זיצט מיט א פײַפע
אפ אנ איבערגעקערטנ טראמוויי״.

ס׳איז פאראנ דיכטערישע קאָנדענסירטקײַט, וואָס הייבט אָנ דראָענ מיט יוועלירישקײַט.

קעגנ דער דאָזיקער יוועלירישקײַט וועלנ מיר קעמפנ צוגלײַכ מיטנ קאמפ פאר געשטאלטקײַט, פאר דער דעטאל.

י. דאָברושין.

# דער דיכטער פינינבערג

(קריטישע אָפּהאַנדלונג)

.1

אָנגעהויבן האָט דער דיכטער עזרא פינינבערג מיט א העפט לידער, וואָס איז דערשי-
נען אין 1922 יאָר אונטערן נאָמען „אָטעם“. דער דאָזיקער בינטל לידער האָט גלײַך באַ-
וויזן, אז ערשטנס—דער געקומענער דיכטער פאַרמאָגט פרישע און זאפטיקע קינסטלערישע
קרעפטן, און צווייטנס—דער געקומענער דיכטער איז מיט אלע זײַנע געבורטס-וואָרצלען
נאָך אריַינגעפלאַנצט אין דער קלײנבירגערלעכער סוויווע, ער איז א דיכטער, וואָס האָט
די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע אײַנגעזען, וועגן איר געהערט, זי אָבער ניט באנומען, מיט
איר זיך ניט באהעפט און אין איר וועלט־איבעראנדערשדיקן קלאסן-טאָך ניט אריַינגעדרונגען.

פינינבערגס ערשטע דיכטערישע טריט, וואָס זײַנען געשטעמפּלט מיט סימבאָלישקײַט,
באוויַזן, אז די סימבאָלישע פאָרם איז בא יענעם נאָך אָקטיאבערישן דיכטער־דאָר געקו-
מען ווי א רעזולטאט פון דעם, וואָס בא דידאָזיקע דיכטער האָט זיך געבילדעט א טהאָם
צווישן פאקט און אופאסונג פון פאקט, צווישן דער אָביעקטיווער רעוואָליוציאָנערער ווירק-
לעכקײַט און סוביעקטיווער דיכטערישער אויסטײַטשונג, וואָס האָט אנטשפּראָכן דער וועלט־
אָנשויונג פון דעם קלײנבירגערלעכן שיכט, וועלכער איז אליין געווען אן אָביעקט און
ניט קיין סוביעקט פון דער פּראָלעטארישער וועלט־איבערקערעניש.

אז פינינבערג שטעלט אײַן דעם קאָנטראסט צווישן דעם „זיידנס מיטוואָך“ און דער
„מירמל־היים“, צווישן דעם דוירעסדיקן אלטווארג, הייסט עס, און דעם רעוואָליוציאָנערן
טרוים, אז פינינבערג שרײַבט וועגן דעם „הויכן גלאָק“, דער רעוואָליוציע, הייסט עס,
וואָס דער „העלער ברודער“, דער פּראָלעטאריאט האָט צעיִודערט, אז פינינבערג באצייכנט
די ארומיקע קאָנקרעטע ווירקלעכקײַט מיט די ווערטער „פרילינגשער פּאַליש“, „פינצטערער
יאָר“, „קאדמוינישער וואלד“, „בלושן פון שקיִעס“ און נאָך און נאָך—איז דאָך קלאָר, אז די
אלע סימבאָלישע פארגלײַכונגען און אויסטײַטשונגען ברויכט ער דערפאר, ווײַל דער אָפּפע-
נער סאָציאַלער באדײַט פון דער באצייכנטער ווירקלעכקײַט איז פאר אים געווען פארהוילן,
ווײַל די מאטעריעלע קויכעס-פארהעלטענישן, די ווירקלעכע קלאסן־באוועגער סײַ פון דעם
וואָס ער רופט „מירמל־היים“, סײַ פון דעם, וואָס ער באצייכנט מיטן וואָרט „מידבער“
און „מיסט“ האָט ער ניט אופגעפאסט און ניט געקאָנט דאן אופאסן.

וואָס פאַרא אידייען־וועלט האָט געפונען איר אויסדריק אין פינינבערגס „אָטעם“, און אַ וועלכער איז ער געווען פינינבערגס געמיט־צושטאַנד, בעשאַס ער האָט געשריבן דעם דאָזיקן ערשטן זײַנעם לידער־העפט?

געווען איז עס אין די יאָרן פון בירגער־קריג און אַלערליי ווײַסגוואַרדייִשע און פעטליורישע פּאָגראָמען אָפ אוקראַיִנע, אין די יאָרן, ווען דאָס ייִדישע פאַראָרעמטע קליינבירגערטום האָט שרעקלעך געליטן פון די קאָנטררעוואָליוציאָנערע באַנדיטישע אַרויסטרעטונגען און געזען פאַקטיש, אַז די איינציקע רעטער אירע זײַנען די רעוואָליוציאָנערע אַרבעטער און פויערים, און דאָך האָבן דידאָזיקע קליינבירגערלעכע עלעמענטן מוירע געהאַט, לויט זייער שטאַנדן־לאַגע, פאַרטרויען זיך דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, זיי האָבן דעריבער דאַן געוואַקלט, די דאָזיקע עלעמענטן, זיי האָבן זיך געצויגן צו איינציקע רעוואָליוציאָנערע פאַקטן, אָבער ניט צו דער סיסטעם אינגאַנצן גענומען, זיי האָבן אויפגענומען בלויז די הומאַניטאַרע רעזולטאַטן פון דער רעוואָליוציע און ניט איר קלאַסן־גרונט. אויפגענומען האָבן זיי די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע אידעאַליסטיש און עטיש, ווי געווונשענעם קאַמף קעגן שלעכטער פאַרדאָרבערנער, אַפילע רעאַקציאָנערער פאַרגאַנגענהײַט, אָבער בעשום אויפן ניט ווי קאַמף און פאַרניכטונג פון די קאַפּיטאַליסטישע און אייגנטימערישע וועלט־יעסוידעס.

איז אָט, פינינבערגס לידער פון זײַן „אָטעם“ שפּיגלען אָפ אָפן בעסטן אויפן אָט די קליינבירגערלעכע אײַנגעווילִיגטקײַט בענעגייע צו די אָקטיאַבער־געשעענישן. זיי שפּיגלען אָפ דאָס אויפנעמען און פאַרשטיין די רעוואָליוציאָנערע טאַטן אָפ העלפט, וואָס באַדײַט, אייגנטלעך, גאָרנישט ניט פאַרשטיין, גאָר נישט ניט קאָנען דערקלערן און אויפדעקן אין זייער גאַנג און אַנטוויקלונג. און פון דאַנען קומט אַרויס פינינבערגס דעמלטיקער סימבאָלישער שאַפונגס־מעטאָד, וואָס איז, ווי געזאָגט, באַשאַפן אָפ צו פאַרהוילן מיט סכעמאַטישער אידעאַליסטישער פאַראַלגעמיינערונג די ניט באַגריפענע און דיאַלעקטיש ניט אויפגעדעקטע מאַטעריִעלע און רעאַלע קרעפטן־פאַרהעלטענישן, וואָס שפּיגלען זיך סײַ אין קלאַל סײַ אין פּראַט.

אוי, מענטש, וואָס איז אהער געקומען קוילן,<br>
אוי, מענטש, אוי, ווײַסער מענטש, דו שלאָפסט?<br>
דו ביזט געווען אַ שייגעצל אַ ווילינקס,<br>
דו האָסט אָפ פעלד אין מאַי געפּאַסעט שאָפ.<br>
אוי, וואָס זשע ליגסטו דאָ אָפ האַרטן בריק, אָפ הוילן?<br>
אוי, מענטש, אוי, ווײַסער מענטש, דו שלאָפסט?<br>
(אָטעם, זײַט 30)

און אַז פינינבערג שרײַבט ווײַטער אין דער דאָזיקער ליד, אַז אין דעם „שייגעצל“ האָט זיך צעשפּילט „דעם זיידנס בלוט“, אַז ער איז „אַן אייניקל פון גאָנטען“, וואָס האָט זיך מיט אים, מיטן דיכטער, „אָפ איין געבענטשטער ערד פאַרפלאָנטערט“—ווערט דאָך קלאָר וואָס פאַרא „עלעמענטאַרע“ און געניג נאַציאָנאַליסטישע ראַסן־אויפאַסונג פינינבערג האָט דאַן פאַרמאָגט, בעשאַס ער האָט דיכטעריש באַהאַנדלט די פּאָגראָם־טעמע.

די פּאָגראָם־טעמע בלאָנדזשעט אומגעזען אינעם גאַנצן ביכל „אָטעם“, אָבער דעם קלאַסן־מעכאַניזם פון די פּאָגראָמען האָט פינינבערג דאַן ניט געזען און וועגן דעם ניט געטראַכט. אַז פּאָגראָמען איז אַ קאָנטררעוואָליוציאָנערער אַרויסטריט פון די פּריציש־קאַפּיטאַליסטישע און באַלעבאָטישע עלעמענטן—דאָס דאָזיקע האָט פינינבערג דאַן ניט טיפעס געוועגן, אָט

ווי ער האָט ניט אופגעפאַסט אויך דעם קלאַסן־זין פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, פון די „בלויע פריל־ינגס", וועגן וועלכע ער טרוימט אין זײַנע דעמלטיקע לידער. וועגן דעם דיכטער אָשער שוואַרצמאַן, וואָס איז אומגעקומען אַפן רויטן פראָנט צוזאַמען מיט אַ גאַנצן פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד, שרײַבט פינינבערג:

נאָר צו ווײַסע נעפּלען, צו קאַדמוינים סקיפן,
צו פאַרצײַטיק־בלײַכקײַט, צו דער ווילדער נאַכט-צו
צו די באַרג־שיפּואים, צו די יאַרן-טיפן
איז אַוועק דער שלעפער מיטן בלויען האַרצן.

(„אָטעם", זײַט 26)

מער האָט פינינבערג דאַן גאָר נישט ניט אײַנגעזען אין דעם העלדן־טאַט פון דעם דיכטער אָשער שוואַרצמאַן, וואָס איז געגאַנגען שלאָגן זיך מיט די קלאַסן־קויכעס פון דער פינצטערער סאָציאַלער רעאַקציע. דאָס אוראַלטע, דאָס „קאַדמוניש־סקיפישע" פון אײַן זײַט און דעם דיכטערס „בלויע האַרץ" פון דער צווייטער זײַט—דידאָזיקע פינינבערגס דאַן באַליבטע סימבאָליש־פאַרשלייערטע באַצייכענונגען באַדײַטן, אַז פינינבערג פאַסט דאַן אויף די פאַרגעקומענע קלאַסן־שלאַכטן, ווי אַ קאַמף צווישן זאָאָלאָגישן דווירוסדיקן אוראַלט מיט עפּעס אַ אומ־אַשטימטער העל אופגעקומענער צוקונפט, פאַר וועלכער פינינבערג האָט דאַן ניט געפונען אַפילו זײַן דײַטלעכערע, מער אויסטײַטשנדיקע באַצייכענונג. די אַרומיקע קלאַסן־שלאַכטן ווערן אַף אַזאַ אויפן פאַרוואַנדלט דאַן בא פינינבערגן אָדער אין אַ קאַמף פון דוירעס, אָדער, און אָפטער, אין אַ קאַמף פון צוויי אַבסאָליוטע און אַפילו מיסטישע וועלט־קרעפטן. איינע פון זיי פאַרקערפּערט דעם „זיידנס מיטוואָך" דעם מיסטישן „סאָף פון וועלט" און די צווייטע—דעם הויכן גליק—די רעוואָליוציע—וואָס דער „העלער ברודער" האָט צעוויגט, און דידאָזיקע רעוואָליוציע בלײַבט דערבײַ באַם דיכטער די גאַנצע צײַט אַן אומבאַשטימטע, ווי געזאָגט, אַ פאַרהוילענע און סימבאָליש־פאַרשלייערטע. וואָרעם, אַז דער דיכטער וויל אַ ביסל גענויער און דײַטלעכער באַצייכענען דעם אויסזען פון דעם „רעוואָליוציאָנערן" ברודער פאַרוואַנדלט ער אים בלויז אין אַ קריסטוס-געשטאַלט „מיט הענט מיט צעשפּרייטע, מיט הענט מיט פאַרצוויאָקטע—מײַן ברודער געקרייצטער". וועגן דעם דאָזיקן אופגעהאַנגענעם ברודער שרײַבט ער דאָך:

מיר האָט זיך פאַרוואָלט
בא מײַן ברודער אַ קוש טאָן די וונדן:
אַף קרייציקע וועגן
זאָל ס'הייליקע בלוט זײַנס
פירן מיך—בלינדן.

(„אָטעם" זײַט 17)

איצט זעען זיי אויס נאַיִוו אַפילו אָט די כריסטיאַנישע בילדערישע פאַרגלײַכונגען, אָט די מאָטיוון פון עוואַנגעלישער אויסלייזונג, צו וועלכע דער דיכטער האָט זיך געצויגן, זײַענדיק אונטער דער באַשײַמפערלעכער ווירקונג פון דעם רוסישן דיכטער—סימבאָליקער בלאָק. אָבער דאַן האָבן זיי אויסגעדריקט פולשטענדיק דעם אידעאַליסטישן פלאָנטער־געדאַנק פון אַ דיכטער, וואָס האָט ניט אָנגעהויבן צו באַנעמען די קאָנקרעטע סאָציאַלע און רעוואָליוציאָנערע אומשטענדן, ער האָט ניט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין ניט דעם קלאַסן־כאַראַקטער פון די געדיכטעטע געשעענישן, ניט אַפילו דעם אייגענעם אידייען־קאָנטעקסט, וואָס האָט אים געפירט און פאַרנאַרט מיט פאַרטיקן בילדערישן געדאַנקענגאַנג פון דער

סימבאָלישער קולטור־ירושה, בעשאס ער האָט זיך גאָר באדארפט לאָזן אפן וועג, דעם איינציקן ריכטיקן וועג, פון דעשיפרירן און אופדעקן דעם רעאלן קאָנקרעטן און סאָציאלן גאדײַט פון די נײַ־אופגעקומענע באציִונגען צווישן אים און טאקע דעם רעוואָליוציאָנערן „ברודער״, דידאָזיקע באציִונגען וואָלטן נאָך זיך דאן אנטפּלעקט פאר אים אין זייער גאָרער פילפארביקער און פילגעשטאלטיקער קלאסן־נײַקײַט און ניט אין דער שאבלאָנען ארטיקער, רעאקציאָנערער אין טאָך, פאָרם פון דער פארנעפּלטער ביבל־סימבאָליק.

אין נאכט דער באשערטער פון גרויסן ניט שלאָפן
זײַנען מיר יונגע קויהאנים בעגאן אונטער שײַנען פון טעמפּל
און האָבן דעם פליסיקן בראנפן פון לעוואָנע געזאפן,
און ליכטיקײַט האָט אונדז די אויגן מיט זילבער געשטעמפּלט. („אָטעם״, ז. 25)

פון דער דאָזיקער שטארקער און אייגנארטיקער ליד איז גראָד צו זען, ווי ווײַט פינינבערג איז דאן געווען פון באנעמען און ארײַנדרינגען אין די ארומיקע רעאלע רעוואָליר־ציע־אופטרייסלונגען, ווײַטער פון דעם געפיל, וואָס ער האָט אויסגעדריקט אין די שורעס און „ס׳האָט אונדז מיט זײַדענע שטריק אין די הויכן געצויגן״ אָדער: „הארבסט־פרויען, וואָס זײַנען געקומען פאד די יונגע קויהאנים זיך בוקן״, ווײַטער פון די אלע סימבאָלישע אלגעמיינקײַטן איז פינינבערג דאן ניט געגאנגען, בעשאס ער האָט געוואָלט אפילע דערציילן וועגן זײַנע פרייד־איבערלעבונגען און ליבע־באציִונגען צו דער פאָרגעקומענער באַרײַונג־באוועגונג.

און דעריבער איז די לאגע אזא. ווען פינינבערג באהאנדלט דורכויס אין די „אָטעם״־לידער דעם קעגנשטעל פון „מירמל־היים״ מיט „מידבער״, דעם קעגנשטעל, ווי געזאָגט, פון רעוואָליוציאָנערער ארומיקײַט מיט דער פינצטערער ירושה־פארגאנגענהײַט, באקומט זיך בא אים שטענדיק, אז די לעצטע האָבן די אויבערהאנט איבער די ערשטע, ווײַל בעשאס דאָס שטעטלשע „טאָמע־וואָכן״, די „נעכט פון דול־הויז״, די קאָנטררעוואָליוציאָנערע פכאָדים, הייסט עס, זײַנען פאר אים געווען מאמאָשעסדיקע ווירקלעכקײַט, איז ער וועגן די רעוואָליוציאָנערע „ווונדער־קאיאָרן״ בלויז אימשטאנד געווען צו טרוימען, ניט געזען און ניט געהערט וועגן די רעאלע קרעפטן, וואָס דארפן דידאָזיקע קאיאָרן ארויסברענגען, ניט געוווּסט אפילע ווי אזוי קאָן די געגארטע רעוואָליוציאָנערע אויסלייזונג קומען קאָנקרעט און אופרײַסן אָט די שווארצע פכאָדימדיקע ארומרינגלונג.

און אז פינינבערג שרײַבט אין זײַן א מאָל באוווּסט געוואָרענער ליד:

הויך איבערן ציידנס מיטוואָך
פירט דער מילך־וועג צו מײַן מירמל־היים.
הויך איבער זיידנס מיטוואָך
זײַנען גינגאָלד־בוימער זיך צעוואָקסן אומגעהויער.
מײַן זיידנס מיטוואָך קיניגט נאָך אף קרעצ פון שטיין
מײַן זיידנס מיטוואָך דויערט נאָך און דויערט. („אָטעם״, זײַט 4)

איז אז פינינבערג קאָנסטאטירט דעם זיידנס קרעציקן מיטוואָך איז דאָך פון איין זײַט אליין דידאָזיקע ארטן קאָנסטאטאציע א פאקט און באווײַז, אז דער דיכטער פארורטיילט דעמדאָזיקן „מיטוואָך״, אָבער דאָס איז דאָך די מײַסע, וואָס קעגנשטעלן קעגן דעם קרעציקן מיטוואָך קאָן פינינבערג בלויז דעם „מילך־וועג צום מירמל־היים״ — דעם דאָזיקן אומבאשטימטן און אבסטראקטן רעטונגס־וועג, וואָס איז ניט בעיכוילעס באם דיכטער

גופע אופרײַסנ דעמ קאָנקרעטנ קרעצ־קיניגרײַכ, בלײַבט דעמ „זיידנס מיטוואָכ“ טאקע א דויערנדיקער בא פינינבערגנ, ער האָט דאָכ אימ ניט בעעצעמ מיט וואָס צו צעשטערנ אונ ניט אומזיסט ווערט ער האָפנונגסלאָז, דער דיכטער, אינ א צווייטער ליד פונ דער זעלבער שטעטל־סעריע:

גנאָדיקער קיניג
פונ ערדנ אונ הימלענ, אונ העלע מאזאָלעס!
אומפאלנ וועל איכ דאָ שטויביק־אָנזיניק
בא זײַדענע טרעפלעכ אינ פרילינגשנ פאָליש? („אָטעמ“, זײַט 10)

נישט געקוקט אפ דעמ פאראנע׳עמ דאָ פראגע־צייכנ בלײַבט דאָכ דאָ דער פעסימיזמ אינ קראפט, די מוירע פאר פערזענלעכנ אומקומ איז אינ די אלע לידער פונ דעמ ארט שטאר־קער איידער דאָס גלויבנ אינ די אויסלייז־קרעפטנ פונ דעמ רעוואָליוציאָנערנ פרילינג, אָפ־געגערעדט שוינ פונ דעמ, וואָס די פאָגראָמ־שרעק, מיט וועלכע די אלע לידער זײַנענ פאר־וויס, איז דאָכ סאָפקאָלסאָפ בא פינינבערגנ אינ טאָכ א שרעק א פיזיאָלאָגישע אונ אינ־דיווידואליסטישע, די גאָרע פינינבערגיש־דערפונדענע אונ אָריגינעלע סימבאָלישע בילדער־פארקליידונג, דער „דויר־דוירעשער אש“, די „געלעסטערטע שוועסטער אינ מידבער“, די „וויסטע בעהאָלע“, די „כעהומע“ אונ נאָכ אונ נאָכ פאראלגעמיינונג־באגריפנ פונ דעמ ארט פארטושירנ אונ פארדעקנ אדראבע דעמ עמעסנ סאָציאלנ פאָנימ פונ די דעמלטיקע טראגישע פאסירונגענ, זיי נעמענ לעבעדיקע דיאלעקטיש אופנעקומענע אונ קלאסנ־באזינטע געשעענישנ אונ ווארפנ זיי ארײַנ אינ אוראלטנ ביבלישנ געדאנקענ־קאָנטעקסט, אויס־מײַטשנדיק זיי דערמיט גופע, ווי דערשײַנונגענ, וואָס זײַנענ אייביק געווענ אונ וועלנ זײַנ, דערהויבנדיק זיי אינ בעסטנ פאל צו דער קאטעגאָריע פונ פאטאליסטיש אונ אפילע מיס־טיש פארוראכטע אנטפלעקונגענ פונ קלוימערשט אייביקנ מענטשלעכנ גײַסט.

אליינ אונ פאר זיכ
בא אָפריס פונ דוירעס
זיצ איכ פארוואָרפנ
די הענט אפ די קניעס.
ס׳האָט הויכ זיכ צעמאבלט
מיט אש—מאָרע שכוירע.
סע ברענענ, סע ברענענ
די ווײַטנ מיט שקיעס. („אָטעמ“, זײַט 14)

אונ ווײַטער: „ווער פלאטערט עס דאָרטנ, ווער גייט דאָרט פארלאָרנ?—ס׳איז איכ דאָרט, ס׳איז איכ דאָרט אינ אָפריס פונ דוירעס“. זײַנענדיק „אליינ אונ פאר זיכ“ האָט דער דיכטער ניט געקענט אנדערש ווי אָנקומענ צו דער פאטאליסטישער „הויכ“, וואָס „מאבלט מיט אש־מאָרע שכוירע“, אָנקומענ צו דער אויסגאנגלאָזיקײַט, וואָס איז אויסגעדריקט אינ דער דאָזיקער ליד. וואָרעמ וויסנדיק אפילע, אז ער געפינט זיכ אינ „אָפריס פונ דוירעס“, איז ער דאָכ בעעצעמ מיט די יעניקע פארגאנגענע דוירעס געבליבנ דאנ פארבונדנ, פאר־בונדנ דורכ געמיינזאמער אידעאליסטישער וועלט־אָנשויונג אונ עטישנ וועלט־באנעמ, וואָס האָט אימ בא זײַנ גאנצער סינע צו די יעניקע דוירעס, ניט געלאָזט דערפילנ זיכ אויסער זיי, ווײַל ווי זיי איז ער דאנ געווענ אנ אָביעקט פונ דער רעוואָליוציע אונ ניט קיינ סוב־יעקט, ווי זיי האָט ער זיכ דעריבער דאנ געפילט מיט „פוס צוגעלייט צו טראָטוארנ“ אָדער

ווי ער האָט זיכ שטארקער אויסגעדריקט: „אינעם טאנצ אינ מיטנ גאס זײַנענ מיר אלֿע כאווער״—בא די פּאָגראָמענ מיינט ער עס אוודע—אונ נאָכ שטארקער:

איכ גיי נאָכ ארומ אז פאראָסטעטע ציגלֿ.<br>
מיכ הוידעט נאָכ נעפּלֿ אינ שטיינערנעמ וויגלֿ<br>
צווישנ פארקריפּלֿטע ווענט דאָ.<br>
איכ גיי נאָכ ארומ צווישנ בלֿינדע אונ היגע—<br>
איכ בינ נאָכ געפּענטעט („אָטעמ״, זײַט 16)

אינ די לֿידער פונ „אָטעמ״ איז פינינבערג טאקע געפּענטעט. אונ די פּענטעס זײַנע זײַנענ קלֿיינבירגערלֿעכע פּענטעס. איינגעגעסנ האָבנ זיי זיכ אינ פלֿייש אונ ביינ פונ זײַנע ערשטע לֿידער, פונ די טאלֿאנטפולסטע לֿידער אפילע, ווו דער דיכטער רײַסט זיכ, מיט גאָרנ יוגנטלֿעכנ ברויז רײַסט ער זיכ צו דער אָקטיאבער־לופט, וואָס האָט אימ דאָכ פאר־וויינט אונ אָנגעפילט מיט אייגנארטיקנ פרילֿינגשנ זאפט אפילע דעמ דאָזיקנ זײַנעמ ערשטנ קלֿיינבירגלֿעכנ שאפונג־עטאפּ.

יאָ. פינינבערגס ערשטער שאפונג־עטאפּ איז געווענ א קלֿיינבירגערלֿעכער, אנ אָפּגע־ריסענער, א דערווײַטערטער פונ דער עכטער אונ עמעסער אָקטיאבער־וועלֿט מיט אירע קאָנקרעטע אויסגעשפּרייטע פּראָלֿעטארישע ווענגנ אונ צילֿנ, אונ די דאָזיקע דערווײַטערטקײַט איז אריבער אינ א פארפּרעמדקײַט אינ דעמ צווייטנ באלֿדיקנ פּעריאָד פונ פינינבערגס שאפונג, דעמ פּעריאָד, וואָס ער האָט אויסגעדריקט אינ די דיכטונגענ פונעמ צווייטנ לֿי־דער־בוכ, א ביכלֿ, וואָס טראָגט בא אימ דעמ נאָמענ „לֿידער״.

2

פינינבערגס צווייטער דיכטערישער עטאפּ, דער עטאפּ פונעמ בענדלֿ „לֿידער״ איז געווענ א באשײַמפּערלֿעכ רעאקציאָנערער. איצט אינעם נעפּ־פּעריאָד—אונ דאָס בענדלֿ „לֿידער״ שפּיגלֿט אָפּ מײַסטנס אָט דעמ פּעריאָד—האָט פינינבערגס קלֿיינבירגערלֿעכע וועלֿט־אופפאסונג נאָר אינגאנצנ פארשטעלֿט פאר אימ די ארומיקע רעוואָלֿיוציאָנערע ווירקלֿעכקײַט, ניט דערלֿויבט אימ האָבנ קיינ מינדסטנ פארשטאנד פאר דער דיאלֿעקטיק פונ די דעמלֿ־טיקע סאָציאלֿע באציונגענ, וואָס איז געווענ לֿויט לֿענינס פירנדיקנ וואָרט באצייכנט מיטנ נאָמענ: „נײַע עקאָנאָמישע פּאָלֿיטיק״.

„אינדערעמעסנ איז נעפּ די פּאָלֿיטיק פונ דער פּארטיי, וואָס דערלֿאָזט א קאמפּ פונ די סאָציאלֿיסטישע מיט די קאפּיטאלֿיסטישע עלֿעמענטנ אונ וואָס איז אויסגערעכנט אפנ זיג פונ די סאָציאלֿיסטישע עלֿעמענטנ איבער די קאפּיטאלֿיסטישע עלֿעמענטנ. אינדערעמעסנ האָט זיכ דער נעפּ בלֿויז אָנגעהויבנ מיט אנ אָפּטרעטונג, ער איז אָבער אויסגערעכנט דער־רופ, אז אינ גאנגנ פונ דער אָפּטרעטונג זאָלֿ מענ מאכנ אנ איבערגרופּירונג פונ די קרעפטנ אונ אָנהויבנ פירנ אנ אָנגרײַפּ. אינדערעמעסנ גרײַפנ מיר שוינ אָנ אינ מעשעכ פונ עט־לֿעכע יאָר אונ מיר גרײַפנ אָנ מיט דערפאָלֿג... (סטאלֿינ. פראגעס פונ לֿענינימ. זײַט 278).

אונ, אז פינינבערג הויבט אָנ איינע פונ זײַנע ערשטע דיכטונגענ פונ בוכ „לֿידער״ מיט די שורעס:

האָט זיכ געפעלֿט דער ווײַסער בלֿיצ פונ אָנגעפלֿויגענע קאיאָרנ?<br>
ס׳איז אָנקומ—כמארעדיק, ס׳איז אָנקומ—אָרעמ.

אז ער שרײַבט אינ דערדאָזיקער ליד: „א בראָכ צו אונדז מיר זײַנענ לײדיק״ אונ ענדיקט:

איז הויל, איז כויל אונ טליִענדיקע וואָרנ.
איז הויל, איז כויל אונ בליִענדיקער דאָרנ.
ס'איז אויסגעגאנ דער ווײַסער בליצ פונ אָנגעפלויגענע קאיאָרנ.
(„לידער״, זײַט 11)

זעט מענ דאָכ בעכוש, ווי טיפ פינינבערג איז דאַנ געזונקענ אינ די קלײנבירגערלעכע אָנשויונגענ, אינ דעמ קלײנבירגערלעכ־פעסימיסטישנ ניט גלויבנ אינ די וועגנ פונ דער רעוואָליוציע, וואָס האָט, ווי ער מײנט, אָפּגעטראָטנ איר אָרט דעמ „הויל אונ כויל פונ טליִענדיקע וואָרנ״,

„שטאָט פארקאָוועטע״ — אלײנ דער דאָזיקער נאָמענ, מיט וועלכנ פינינבערג האָט אָנגערופנ דעמ טײל פונ די „לידער״, וואָס באהאנדלענ די נעפ־שטאָט, אלײנ דער נאָמענ באווײַזט, אז פינינבערג האָט לאכלוטנ ניט געזענ דעמ „זיג פונ די סאָציִאליס־טישע עלעמענטנ איבער די קאפיטאליסטישע״, וועגנ וועלכע סטאלינ האָט גערעדט. די פריִערדיקע „טאָמע וואָכנ״ האָט פינינבערג מעכאניש אריבערגעפירט פונ שטעטל אינ שטאָט, וואָרימ פונקט ווי פריִער אינ שטעטל, האָט ער איצט אויכ אינ שטאָט אינ דער ווירקלעכקײַט געזענ בלויז דעמ קלײנבירגערלעכנ אָביעקט פונ דער רעוואָליוציע; נישט מער. אָבער דער דאָזיקער אַביעקט האָט איצט, לויט סטאלינס אויסדרוק, אָנגעהויבנ „מאַ־נעווירנ״, ער איז געוואָרנ נעפיש אקטיוו אונ אָפּגענומענ דעריבער באמ דיכטער די פריִערדיקע אײנציקע אידעאליסטיש־טרוימערישע אפילע באציִונג צו דער רעוואָליוציע. פינינבערג איז איצט, ניט זעענדיק די ווירקלעכע אונ ווירקעוודיקע סאָציִאליסטישע קרעפטנ, אינגאנצנ ארײַנ אינעמ שטראָמ פונ דער קלײנבירגערלעכע סטיכיִע.

אינ באָוול, אינ לײַב פונ שטעט, אינ גרויסער קרוינשטאָט באָוול,
אינ יעדער הויפ—א גאסנמויד, אינ יעדער הויפ—א אָוול. („לידער״ זײַט 9),

מיט דעמ הויבט אָנ פינינבערג זײַנ סעריע „פארקאָוועטע שטאָט״, מיט אווינע יערידע־שטימונגענ פילט ער אָנ אָט די גאנצע סעריע, ליד נאָכ ליד—האָפנונגסלאָזיקײַט, לײדיקײַט אונ אומעט.

וועגנ דער יוגנט:

איז די יוגנט פונ דער הויכ אראָפּגעגאנגענ
מיט געבענטשקײַט, מיט געגלויבטקײַט, מיט געזאנגענ.
נאָר געפאלנ איז די יוגנט מיט די קרוגנ,
אומגעפאלנ אונדזער יוגנט דול־מעשוגע. („לידער״, זײַט 13)

וועגנ זיכ:

טליִענ, זשאווערנ פארמאטערט מארכ אונ נעשאָמע, בלוט אונ גליד,
קאָנ ניט צושוימענ צו שקיִע א געהײליקטע די ליד.
הער, זי קוויטשעט, זע, זי פלאטערט, זע, זי כאלעשט אונטער טריט—
אונדזער בלאָווע, אונדזער ליבע, אונדזער שײנע, אונדזער ליד. (זײַט 10)

אונ וועגנ מענטש אונ וועלט:

סע לײַכט פונ אײביק אָנ א פאלשע זונ.
פונ אײביק אָנ לאָקערט פעלד מיט וויסטע גרוילנ.
אָדעמ, אָדעמ, איז ביז וואנעט גײסטו, אָדעמ, אומ
אונ שלעפסט דאָס הארצ ארומ, דאָס הארצ דאָס הוילע? (זײַט 18)

דער פעסימיסטיש־אײכעדיקער גרונט־געדאנק האָט נאָך מער פארשטארקט באם דיכטער דעם ביבלישן בילדער־ און מעטאפאָרן־ארסענאל, אָפּגעשלײַדערט די לידער טאקע אין „מידבערשן העק״, אינעם דעקאדענטישן אמאָל פון די סימבאָלישע יערידע־פּאָעטן. סוביעקטיוו איז פינינבערג עפשער אויסן געווען פראָטעסטירן קעגן דער דעגענערירטער נעפּסטיווע, די היפּערטראָפּירטע בילד גיט דאָך צו א באוווסטן פאמפלעטישן כאראקטער דער געשילדערטער נעפּישער ארומרינגלונג—אָבער אָביעקטיוו באדײַטן די לידער פינינבערגס פולשטענדיקן אָפּריס שוין ניט פון „דוירעס״, נאָר פון דער דעמלטיקער סאָציאַלער לאגע. דער מאנגל פון יעטווידער קלאסוווג וועלט־באנעם האָט איצט שווער באשטראָפט דעם דיכטער, פארפירט און פארשטויסן אים אינעם קלײנבירגערלעכן אָפּגאנג־זומפּ, ארײַנגעלייגט אים אין דער שורע דעם ביטערן רעאקציאָנערן סאם פון פארצווייפלונג און ייִעש.

אז פינינבערג ברויכט איצט דאָס וואָרט „מעהומע״ אפ צו פארצײכענען די פּאָגראָמדערשײַנונגען דעקט ער צו מיט דעם וואָרט דעם סאָציאַלן זין פון די דערשײַנונגען. „מעהומע״ באטײַט בא אים א פאטאלע צעטומלעניש, א קנויל פון שוידערן, וועלכע ס׳איז ניט שײַעך באזינען און פאנאנדערפלאָנטערן. אין פינינבערגס „איסי״ פון דער דאָזיקער מעהומע־סעריע, אין דער געשטאלט פון דעם ריאזאנער פויער, וואָס קומט אום פּאסיוו אין בירגער־קריג, האָט פינינבערג בעעצעם באזונגען די פּאסיווע זײַטיקײַט פון די אלע אומגעקומענע, וואָס זײַנען, מע וויים ניט פאר וואָס און פאר ווען, ארײַנגעפאלן אין דער פאטאלער מעהומע פון פּאָגראָמען און בירגער־קריג. און אז פינינבערג טראָגט אריבער דעם ליוב־געזאנג פאר זײַטיקײַט אין דער ייִדישער נאציאָנאלער סוויווע, קאָן ער שוין ניט אויסמײַדן די נאציאָנאליסטישע קאָנצעפּציע וועגן א ניט דיפערענצירטער ייִדישער „איידע״, וואָס האָט פריִער געוואַרט אפ „דעם טאָג פון די פּאָנעני״ און דערנאָכדעם אלע גלײַך פאטאל געלאָזן זיך אפ אומקום בעשאס קאזאקאָוו, ווי דער דיכטער דערציילט, האָט געשאָכטן „מיט שנײַדמעסערס מאן און כאָסן, ייִד און באָכער, יונג און גראָוו״. דאָ אין דער מעהומע־סעריע זײַנען שוין בא פינינבערגן לאכלוטן ארויסגעפאלן די עלעמענטן פון דיפערענצירונג, ווי אויך די דורכלויכטן, די האָפענונגען אפ דער „מירמל־היים״, וואָס ער האָט בא דער זעלבער טעמאטיק אומגעפער דאָך פארמאָגט אין די לידער פון זײַן העפט „אָטעם״.

ניט איבער זיי און זייערס,
ניט ווײַסע מירמל־היים.
דער סטעפּ מיינט ניט דעם גייער,
דער סטעפּ מיינט זיך אליין.
מיט וואָס מײַן הארץ דערפרייט איך,
אז מאָגער, אז געמיין? („לידער״, זײַט 25)

אָט אזוי האָט דער דיכטער אָנגעהויבן איצט לייקענען אין דעם, אין וואָס ער האָט פריִער געגלויבט: „ס׳איז באָוול און מיר זײַנען אונטערטעניק״, אָדער: „הײַנט ווינען האנדל־טעג אין שטעט געלאסענע״—די דאָזיקע פאָרמולירונגען זײַנען גאנץ שארף און גענוגנד אפ צו פארשטיין, אז פינינבערג האָט דאן אויסער דעם נעפּ־געשווילעכץ ניט געזען און ניט באנומען די ארומיקע רעוואָליוציאָנער־ווירקנדיקע קרעפטן פון דער זיגערײַשער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע.

און דאָך זײַנען די אלע לידער געבליבן נישט מער, ווי א עפּיזאָד, א פארדריסלעכער עמעס, עפּיזאָד, אין דעם אנטוויקלונג־גאנג פון פינינבערגס דיכטערישן שאפן. אן עפּיזאָד

זײַנען זיי געבליבן דערפאר ווײַל פינינבערג איז דאָך דאַן אויך ניט געווען קיין צאד, קיין אקטיווער פאָרשטייער פון דעם נעפּ־שיכט, ער איז בלויז געווען א פּאסיווער, פאַר־בלענדטער, פארפירטער, אפילע, און פארביטערטער באַאָבאכטער, וואָס האָט ניט פארשטאנען און ניט באַנומען די דעמלטיקע סאָציאַלע קרעפטן־פארהעלטענישן. און דעריבער איז דער אָפּגאַנג זײַנער פון דידאָזיקע פּאָזיציעס, וואָס ער האָט אויסגעדריקט אין די „לידער“, געווען בלויז א פראגע פון ריכטיקער פּאָליטישער אָריענטאציע, א פראגע פון אידעאָלאָ־גישער אופקלערונג און אופווירקונג.

פון פינינבערגס קומענדיקן באַנד לידער „לאַנד און ליבשאַפט“ איז דעריבער שוין צו זען דעם דיכטערס איבערבראָך, זײַן טיפן איבערגעבורט און איבערבוי. די וואקסנדיקע סאָציאַליסטיש־בויערישע פּראָצעסן פון דעם אופשטעלונגס־פּעריאָד האָבן אויסגעניכטערט דעם דיכטער, אויסגעהעלט פאר אים די סאָציאַלע לאגע. די דערנענטערונג צו די פּראָ־לעטארישע פּאָזיציעס איז בא פינינבערגן פאר אלעם פאָרגעקומען אפן געביט פון וועלט־אָנשויונג און באַוווּסטזײַן, ער האָט אָט ווי מיט אמאָל אופגעעפנט די אויגן און א אופ־געפלאמטער צעזונגענע זיך דערום מיט די לידער פון זײַן בוך „לאַנד און ליבשאַפט“, לידער, וואָס דריקן אויס דעריקער איבערגעגעבענע באַגײַסטערונג און פארווונדערונג מיט דעם אלעם, וואָס ער האָט ביז איצט ניט באַמערקט און, באַמערקנדיק, ניט אופגענומען.

שוין קלאָר מײַן יונגער וועג אין שווערן פלאָנטער־קנויל,
כ׳וועל באַלד אַנטשלאָפן ווערן מיט א האַלב צעעפנט מויל
און ס׳וועט זיך כאָלעמען מײַן האַרץ, אַז ס׳איז דעם ווויל,
אַז בעסטער פרײַנס ס׳אומזיסט־אומנישט ניט פאַרמאַסערן.

כ׳וועל באַלד אַנטשלאָפן ווערן און ס׳וועט אויסוואַקסן דער פּרי,
א נ פון פאָרשטעט וועלן זיך א לאָז טאָן אַרבעטער אפּ טאָג פון מי,
און ס׳וועט זיך כאָלעמען מײַן האַרץ.—מײַן היים, מײַן הי,
מיט אלע קאַנטן, וואָס דאָס אויג מײַנס קאָן זיי ניט. („לאַנד און ליבשאַפט“, זײַט 45)

נאָכדעם ווי ער האָט אָנשטאָט באַוול באַמערקט דעם „פּרי אין וועלט־שטאָט“, און אָנשטאָט „העקער, יאטקע, היצ און זוינע“ דערזען „אַרבעטער אפּ טאָג פון מי“ איז שוין טאַקע פאַר אים קלאָר געוואָרן זײַן „יונגער וועג“. פריִער אין די לידער פון בוך „לידער“ האָט ער געשריבן: „באַם אָרימן קאָ־יען אין קעלער שיינקל שרײַען מיר ס׳זאָלן שטעט אלע קריינקען“ און איצט פאַרכלינעט ער זיך מאַמעש מיט פרייד, זינגענדיק וועגן די שטעט:

און מײַנע אויגן און מײַנע אָדערן,
אופגעריסענע אין פּרי,
ציִען און מאָנען, שלעפן און פאָדערן,
אין כירעש צעפּראַלטן מורמלען: הי!
אזא ליבשאַפט פאָטערלאַנד! („לאַנד און ליבשאַפט“ זײַט 10)

דער „כירעש צעפּראַלטער“ ווערט טאַקע דער גרונט־כאַראַקטער פון די לידער, וואָס באַהאַנדלען די עצעם טעמע פון לאַנד און ליבשאַפט. מיט דער גאַנצער מײַסטערשאַפט פון א אויסגעוואַקסענעם דיכטער און ליריקער, מיט דער גאָרער האַסטיקײַט פון זײַן אייגנ

ארטיקנ וואָרט צעזינגט ער זיכ מאמעש הימנענארטיק וועגנ דעמ נײַעמ פאר אימ סאָוועטישנ לאנד, וואָס ער האָט אָקאָרשט אנטפלעקט מיט ליבשאפט אונ אינ ליבשאפט. וואָרעמ די אלע לידער פונ דעמ ארט זײַנענ בא פינינבערגנ אינ דער זעלבער צײַט טיפ לירישע אונ טיפ פערזענלעכע. די עראָטיק פונ בוכ „לידער", וואָס האָט אימ דאנ געפירט צו אויסערסט דעקאדענטישע מאָטיוונ, האָט ער איבערגעשלאָסנ אפּ א געזונטנ, אינטענסיוונ פײַערלעכנ ליבע־געפיל. די קאָנקרעטע ליבע צו א פרוי אונ די ליבע צומ קאָנקרעטנ סאָוועטישנ לאנד האָט ער באהעפט אונ צוזאמענגעגאָסנ אונ דערמיט גופע אופגעהויבנ דעמ ליבע־געפיל, ארײַנפירנדיק אימ אינ פלאנ פונ סאָציאַלע לאנד־איבערלעבונגענ, אונ פונ דער אנדער זײַט אָנגעפילט די ליבע צומ לאנד מיט לײַדנשאפט פונ לײַב־איבערלעבונגענ, געשאפנ אפּ אזא אופנ א קוואליטאטיוו־נײַעמ צוזאמענ־באהעפט פונ פערזענלעכע אונ סאָציאַלע עלעמענטנ, געשאפנ א ציקל לידער, וואָס שטעלנ מיט זיכ פאָר א בעפײַרעשע וויכטיקע זשאנר־דערשײַנונג אינ דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג.

יעדער ליריקער טראָגט נאָכ דעמ געפאר פונ אָפּטײלנ דאָס פערזענלעכע פונ דאָס סאָציאַלע, דעמ געפאר, וואָס שטאמט פונ דער בורזשואז־אינדיווידואליסטישער ווידערשפּרעכלעכקײַט. אראָפּנעמענ געפאר קאָנ נאָר די פּראָלעטאריש־רעוואָלוציאָנערע פראקטיק, וואָס גיט א ברייטע מעגלעכקײַט דער אנטוויקלונג פונ דער פערזענלעכקײַט אינ די רוימענ פונ דער געזעצמעסיקער געזעלשאפטלעכקײַט. דער ליריקער ווערט סאָציאַל בלויז דאנ, ווענ ער פארפילט דעמ באוווסטזײַנ מיט סוביעקטיוו באזיניקטע אונ עמאָציאָנעל פארקערפּערטע געזעלשאפטלעכע אידייענ.

אינ זײַנע לידער וועגנ „לאנד אונ ליבשאפט" האָט פינינבערג דערגרייכט ערטערווײַז פאריניקנ זײַנ פערזענלעכנ געפיל מיט דער סאָציאַלער אידיי פונ לאנד. פינינבערג שרײַבט א רײ פערזענלעכע, מ׳קאָנ זאָגנ אפילע עראָטישע לידער, אָבער זײַנע אופגעבראויוסטע ליבע־לײַדנשאפטנ באשטעטיקנ גרויסע פרייד פונ וועלט אונ לעבנ אונ דידאָזיקע פרייד קוועלט אונ איז פארורזאכט דורכ ליבע צומ סאָוועטישנ לאנד. לאנד אונ ליבע רופנ זיכ איבער אונ גיסנ זיכ איבער איינע אינ די צווייטע, ווײַל דער געפיל פונ די ביידע איז בא פינינבערגנ גלײַכ קערפערדיק־סענסועל, אונ געפינט דעריבער זײַנ אויסדרוק אינ א מינ פיזיאָלאָגיש־סאָציאַלנ הימנענ־אויסגעזאנג. פינינבערגס סעריע „לאנד אונ ליבשאפט" איז בעפײַרעש קוואליטאטיוו נײַ, ווי געזאָגט, אונ קאָנ דינענ פאר א זשאנר־מוסטער פאר די אלע דיכטער, וואָס שרײַבנ ליבע־לידער, אינ קאָנענ ניט געפינענ דעמ פונקט, וואָס שליסט איבער פערזענלעכע ליבע־איבערלעבונגענ אינ סאָציאַלנ געפיל.

אינ די טיפנ פונ די זומערס שײַנט אזוי די מעדינע.
דאָכ קיינ צווייטע ניט צו זוכנ. דאָכ קיינ צווייטע ניט געפינענ.
אונדזער ווייטיק איז פארזייט דאָ אונ ס׳מוז אופגיינ אונזער פרייד דאָ.
זאָג זשע, לאָמירביידע נאָכנ פאָדעמ לויפנ, מיידל.
איבער פעלדער, איבער ריונ, איבער העמדל ווײַסנ דינעמ
אינ די טיפנ פונ די זומערס שײַנט אזוי די מעדינע!

(„לאנד אונ ליבשאפט", זײַט 7)

אינ די אלע לידער—קרישטאָל־לויטערע אונ אינטענסיוו־פארביקע דיכטערישע זעונגענ אונ רעמעניסצענצנ, דערבײַ—לירישער אויסגוס פונ גרויסער פערזענלעכער פרייד, וואָס ווערט שוינ בעפײַרעש א קוואל פונ סאָציאַלנ אָפּטימיזמ אונ לעבנס־אופבראויז אונ איז דערומ אונ

דעריבער פעיִק איבערשליסן דעם ליבע־עקסטאַז, פאַרוואַנדלען אים אין פאַטאָס פ
רעוואָליוציאָנערן קאַמף:

טאָמער דאַרף מען וואַרטן ביזקל גראַדע
ס'וועט אַ שלעפּ טאָן שטורעם־האַרץ דײַנס, האַרץ מײַנס
אַף אַרוף אַף הויכער באַריקאַדע,
אַף אַוועק אַזוי, ווי אָשער שוואַרצמאַן.
(„לאַנד און ליבשאַפט" זײַט 20

גאָר אין אַן אַנדער אידייען-קאָנטעקסט אײדער אין דער אויבנגעבראַכטער ליד פון ב
„אָטעם" האָט דאָ, אַגעוו, שוין אַ קלונג געטאָן דער העלדן־טאַט פון אָשער שוואַרצמאַ
דאָ האַנדלט זיך שוין וועגן באַריקאַדן און ניט וועגן שוואַרצמאַנס אַוועקגיין אין מיפּיש
„קאַדמונים־וועלט", ווײַל דאָ האַנדלט זיך שוין וועגן סאָציִאַל אויסגעניכטערטער דיכטונ
אַ דיכטונג, וואָס האָט שוין אויסגעדריקט די עמאָציִנעלע אָנגעלאָדנקײַט פון אַ דיכטער
סאָוועטיש־באַגײַסטערטן. די גרויסאַרטיקע ליד זײַנע, וואָס איז געווידמעט דער טעמע פ
אַ קינד-געבורט (לאַנד און ליבשאַפט, זײַט 77), אָט דידאָזיקע „אײביק" נײטראַלע טעמ
אפילע, האָט ער איצט טיף פאַרוואָרצלט אין דער קאָנקרעטער אַרומיקער ווירקלעכקײַ
פאַרוואַנדלט זי אין אַ ליד אַ הערלעכסט סאָוועטישע, אין אַ ליד, וואָס עטעמט, אויסע
אַלעמען, מיט נײַעם מאַטעריאַליסטישן, קאָן מען זאָגן, לעבנס־דורשט. די עטלעכע מאָ
באַהאַנדלטע טעמע פון „געבוירן" האָט דאָך ביכלאַל אַ צי געטאָן פינינבערגן אַלס העכסטע
אויסדרוק פון לעבן־באַשטעטיקונג.

„אַזוי זיך פון אַמאָליקן פאַרליר איך לעצטן שפּור"

שרײַבט איצט דער דיכטער, און גראָד דורך די לידער, ווו ער האָט דערשפּירט „דאָס לײַ
פון פאַרנאַכט, ווי דאָס לײַב פון דער פרוי", דורך די לידער פון רעמבראַנדטיש דורשטיקסט
געבירטס־לוסט האָט ער טאַקע ביז לעצטן שפּור פאַריאָגט און פאַרשטויסן די פריִערדיק
שטימונגען פון „מאָרעשכוירע-אוירע, אוירע", וואָס האָבן אין טאָך אָנגעפילט זײַן דיכטונ
אַ צײַט לאַנג ביזן יאָר 1925 און מערער.

איך באַטראַכט די פיס, וואָס האָבן געריסן זיך,
געוואָלט זיך אָפּקײַטלען, געבן אַ שפּאַן
צו די וויסטענישן, וועלכע גיסן זיך
באַ דײַנע ברעגן, פאָטערלאַנד.

און ווײַטער:

היי, אַף געשטערנטע שטעגלעך,
היי, אין הימלשע סטעפּן,
היי, איז עפּעס דאָרט מעגלעך,
עפּעס צו טרעפן?
(„לאַנד און ליבשאַפט" זײַט 11

אַ גענוג שאַרפע כאַראַקטעריסטיק, הײסט עס, פון אײגענע פריִערדיקע אידעאָלאָגיש
בלאָנזענישן, פון וועלכער דער דיכטער האָט זיך איצט אָפּגעזאָגט אין נאָמען פון דע
„פאָטערלענדישער" ליבשאַפט. און אָפּגעזאָגט האָט ער זיך דאָך מיט דיכטערשן טאַט—מיט

ליד, מיט לידער, וואָס באהאנדלענ טיילווייַז פונקט די זעלבע טעמאטיק אפילע אפ וועלכער ער איז פריִער געשטרויכלט געוואָרנ. אזוינע לידער זייַנענ די, וואָס זייַנענ געווידמעט דער שטאָט מאָסקווע, לידער פונ קרעפטיקסטער אונ גרעסטער לידיש-פערזענלעכער באגייַסטערונג—אזוינע מייַלנווייַס ווייַטע פונ זייַנע אמאָליקע „באָוול"-שטימונגענ, וועלכע האָבנ דאָך אויך א שייַכעס געהאט צו דער גרויסער שטאָט.

צו דעם ארט לידער, וואָס באהאנדלענ זייַנ פריִערדיקע טעמאטיק, געהערט אויך דער קרימער ציקל... פונ די עקזאָטיש-פאטריארכאלע אונ דעקאדענטיש-עראָטישע לידער וועגנ קרים אינ בוך „לידער" מיט דער שורע: „טיפ איז הימל, שטארק איז גאָט" ביז דער סאָציאַל אופגעברויזטער „ליוואדיע" אונ „איבער ווייַסע דירעס", באהויכטע מיטנ פלאמיקנ אָטעם פונ דעם דיכטערס לאנד אונ ליבשאפט, איז פאָלג מיך א גאנג. אונ דער גאנג איז א אידעאָלאָגישער. דער גאנג האָט פאר אלעם אוועקגעשטעלט דעם דיכטער אפ א נייַעם זע-פונקט אונ אָנשטאָט „דער באסמאלקע נענענקא-דזשאנ-כאנים, וואָס אנטלויפט צום איינציקנ, צום טייַערנ, צו אימ" („לידער" זייַט 70) האָט ער איצט דערזענ:

דאָרט ווו פעלדזנ אינ פארצייַטיקע כאָאָסנ
מיטנ יאם אָנ אופהער ריידנ,
דאָרט האָט מענ די לערערקע צעשאָסנ,
דאָרט באגראָבנ זי, דאָס מיידל.
(„לאנד אונ ליבשאפט", זייַט 100)

וואָרעמ ווי האָט ער עס, דער דיכטער, געקאָנט פריִער זענ, בעשאס די קרימער פייַזאזשנ האָבנ אימ פארוויקלט מיט שטימונגענ פונ אויסער צייַט אונ רוים:

געדענקט ניט מייַנ רויכל א וועלעכער דאָר,
ווייסט ניט מייַנ אָטעם א וועלעכע ווייַלע.
(„לידער", זייַט 69)

ס'מוז אוואדע קלינגענ מאָדנע פרעמד פארנ דיכטער גופע בעשאס ער פארגלייַכט די ביידע קרימער ציקלענ מיט זייערע פארשיידענע אידעאָלאָגישע געווענדטקייַטנ, בעשאס ער פארגלייַכט די פארשיידענע, אפילע, פאָעטישע „מייַסטערשאפטנ" פונ די ביידע ציקלענ: איינער—א דעקאדענטיש-סימבאָלישער, געשריבנ לויט אלע קאנאָנענ פונעם קאָסמיש-אופגעפאסטנ גייַסטיק-פארגליווערטנ וועלטאָל, אונ דער צווייטער—פול מיט לעבעדיקע וויברירנדיקע טענער, וואָס גייענ פונ דעם גרויסנ סאָוועטיש פאנאנדערגעבליטנ לעבנסוואָר.

פאראנ אינ פינינבערגס בוך „לאנד אונ ליבשאפט" נאָך א ציקל לידער, דורכ וועלכנ פינינבערג האָט פארווירקלעכט זייַנ רעוויזיע פונ דער טעמע, וואָס ער האָט באריִרט אינ די לידער פונ „אָטעם" אונ „לידער". ס'האנדלט זיך וועגנ די לידער פונ דעם צווייטנ טייל בוך „לאנד אונ ליבשאפט", וואָס איז געווידמעט קימאט אינגאנצנ דער טעמע פונ בירגער קריג. בירגער-קריג" האָט דאָך פריִער בא פינינבערגנ באדייַט מעהומע אונ פאָגראָם, איצט אָבער גיט ער שוינ א פאנאנדערגעוויקלטע פאנאָראם פונ קלאסנ-שלאכטנ, פריִער—די סימבאָלישע „ברענענדיקע שקיעס" מיטנ פויערישנ פאסיונ „איסי פונ שטאָט פונ ריאזאנ" אונ איצט—דער אלטער פישער אלעקסייעוו, וואָס ברענגט צופירנ קיינ קיעוו א רויטארמייִשע מאכנע נעקאָמע נעמענ פונ די ווייַסגווארדייער פאר זייַנע צוויי אומראכמאָנעסדיק אומגעבראכטע רעוואָליוציאָנערנ זינ. דער פריִערדיקער, הייסט עס, זעטיקער פארהייליקטער פויערל איז איצט באם דיכטער געוואָרנ א רעוואָליוציאָנערער צאד, בעשאס דער

דיכטער האָט אויסגעקלאָרט פאר זיכ דעמ קלאסנ-מעכאניזמ פונ די פאָרגעקומענע געשעענישנ אפנ פראָנט פונ בירגער־קריג.

אפ קיִעווער קרעשטשאטיק א ראש, א געלויפ אונ א היץ איז:
גאַיד־עפּאָלעטנ אונ שווערדנ אונ פריצימ אונ פריצעס.
ארויס זײַנענ איידעלע טעכטערלעכ, פריצישע מיידלעכ:
— סע שלעפנ דרײַ רויטע פארשאָלטענע רויטע, דרײַ פערדישע ווײַדלענ!..
אפ קיִעווער קרעשטשאטיק, אינ מיטנ האמוינ, אינ א צוקער־רייע
געשטאנענ בא א סלופּ איז דער פישער פונ דניעפּר—אלעקסייעוו.
געקוקט אפ די פערד. אפ די זינ אפ האמוינ אונ אפ שטאָקנ,
זײַנ גרײַז־גראָע באָרד האָט זיכ קוימ קוימ געטרייסלט, געשאָקלט.
ער דארפ ערגעצ גייענ, ער דארפ עפּעס אופּטאָנ, ער מוז ערגעצ מאָנענ
דער פישער פונ דניעפּר—אלעקסייעוו, דאָס בלוט פונ די באָנימ!
(„לאנד אונ ליבשאפט“, זײַט 83)

דער נײַער רעוואָליוציאָנערער צוגאנג צו די יעניקע געשעענישנ האָט געבראכט צו געזונטער פרישער אונ מוסקולדיקער קאָנקרעטקײַט. דידאָזיקע פּאָפּולער געוואָרענע ליד „באמ דניעפּר“ ווי אויכ די ליד „44 אונ 45“, „שלאכט בא מאַנאָווקע“ אונ „טעלעגראַמעס“—אינ די א״ע גרעסערע לידער האָט פינינבערג אָנגעהויבנ אויסבילדנ זײַנע גרויסע מעגלעכקײַטנ אפנ געביט פונעמ עפּישנ זשאנר. פינינבערגס זאפטיק-וועלנדיק וואָרט, זײַנ ברייט צעפּראלטע—אפילע ווענ ער שטעלט זי אויס אינ קורצנ—בילדעריש־רײַכע שורע איז צוגעפּאסט פאר דער עפּיש-דערציילערישער פאָרמ. צו דער דאָזיקער שילדערישער פאָרמ רײַסט ער זיכ, פינינבערג, אפ פאדשיידענע אויפאנימ זינט ווענ ס׳האָט זיכ פאר אימ אָנגעהויבנ אנטפּלעקנ די אָביעקטיווע רעאלעווירקלעכקײַט אינ איר קאָנקרעט־סאָציאַלער ברייט אונ טיפ מיט איר קלאסנ־אינהאלט אונ דיאַלעקטיש איבערגעפלאָכטענער דערשײַנונגענ-קייט. דערווײַל אָבער האָט ער די דאָזיקע פאָרמ געברויכט מייסטנס פאר דעמ געשיכטלעכנ מאטעריאַל אונ אויכ פראגמענטאריש, ניט אפ א גרויס אונ ברייט אנטוויקלטנ סוזשעטישנ אויפנ. אונ ס׳דאכט, שוינ אפילע, אז פינינבערגס פילע לידער פונ זײַנ שפּעטערדיקנ בוכ „אנ ערד אנ אנדערע“, זײַנ באוווסטע ציִעניש צו די באגײַסטערטע, אזוי גערופענע הימנענ־לידער, שטעלט אויכ פאָר מיט זיכ אנ עטאפּ, צי בעכאָל אויפנ א דערחײַל־שטאפּל, אפנ וועג צו דער גרויסער טעמאטיש־עפּישער דיכטונג. אינ די אבסטראקטע בעזאנג-לידער וואקסט דאָכ אונ רײַפּט פינינבערגס דיכטערישער פארמעסט, דער גרויס-אָפּטימיסטישער וועלט אונ לאנד-באשטעטנדיקער אויסגעזאנג, וואָס וועט מוזנ זײַנ א באשטאנדטייל פונ דעמ ברייט־פאנאנדערגעוויקלטנ עפּיש־שילדערישנ ווערק, צו וועלכנ ס׳איז בעפּיירעש בארופנ פינינבערגס דערהויבענע אונ דערהויבנדיקע רײַכע אונ פארביקע וואָרט־פאליטרע.

פינינבערג איז א היציק־טעמפּעראמענטפולער לירוקער מיט א ציִעניש צו עקסטרעמע געפילנ פונ ליבע אונ סינע. פינינבערג האָט ליב ליב האָבנ אונ האָט ליב פײַנט האָבנ, אָבער ער איז האסטיק־עמאָציאָנעל אינ זײַנע אורטיילנ איבער פארשיידענע דערשײַנונגענ, וואָס ער נעמט אופ מער מיטנ הארצ, דורכ געפיל־אופאסונג, איידער דורכנ מארקסיסטיש אנאליזירנדיקנ וועלטבאנעמערישנ געדאנקענגאנג. דאָס ברענגט פינינבערגנ צו אנ אָפּטנ אראָפּרײַס צו באוווסטער אבסטראקטער ליניִישקײַט אינ זײַנ דיכטערישנ געמעל. דאָס לאָזט אימ ניט נעענטער צוגיינ צו דער קאָנקרעטער דיאַלעקטיש אופגעפאסטער

דעטאל, ווײַל דיִאַלעקטיק באַטײַט, ווי לענין האָט געלערנט: „לעבעדיקע פילזײַטיקע (בא אַ אייביקן זיך פאַרגרעסערנדיקן צאָל זײַטן) דערקענטניש מיט אַ שלאַל שאַטירונגען פון יעטווידער אַרט צוגאַנג, פון דערנענטערונג צו דער ווירקלעכקײַט (לענין, באַנד 13 זײַט 303).

פיניגבערגס לידער טראָגן דעריבער ערטערווײַס אַן אויסערלעך־דעקלאַראַטיוון כאַראַקטער, בעשאַס ער באַהאַנדלט אַ הײַנטצײַטיקע טעמע, ניט אַרײַנדרינגענדיק אין דער אינעווייניקסטער פילפאַכיקער און פילאַרטיקער דיִאַלעקטישער קלאַסן־ווירקלעכקײַט, ניט אַרײַנעמענדיק אָפטמאָל זיך גופע, דעם דיכטער-ליריקער, ווי אַ דיִאַלעקטיש־קאָמפּליצירטן סוביעקט און אָביעקט, אין מיט פון די געשילדערטע דערשײַנונגען, ניט אַנאַליזירנדיק דערבײַ אויספירלעך זײַן אייגענעם דיכטעריש-אינדיווידועלן צושטאַנד, וואָס איז דאָך אויך אַ רעזולטאַט פון זײַן אייגענער קלאַסן־דערפאַרונג.

וואָרעם גראָד דאָרט ווו פיניגבערג האָט געפּרוּווט, איצט אַפילע מיט שטימונגען פון „לאַנד און ליבשאַפט", צוגיין אינטימער, אינדיווידועלער, וואָלט איך געזאָגט, צו דער טעמע פון בירגער־קריג אין דער ליד „דאָס געזאַנג פון מילדן לאַנד"—האָט ער זיך דאָך אַראָפּגעגליטשט צו אַזאַ אַרט אַלגעמיין הומאַניטאַרע אופאַסונג פון די פראַכטפול געשילדערטע עפּיזאָדן. אין דער ליד איז פאַראַן אויסגעצייכנט־פײַנע גאַנץ שאַרפע, אַפילע, איידעלע דעטאַלן. אין די רעפרענישע שורעס וועגן „דאָס שיפעלע דאָס גילדנס פון ראָניע צו דער מאַראַם. אין די רעפרענישע שורעס שפּאַסט דער דיכטער פון דער בורזשואַז־אינטעליגענטישער ראַ־איטאַליע", אין די שורעס שפּאַסט דער דיכטער פון דער בורזשואַז־אינטעליגענטישער ראַ־פּינירטער עסטעטיק, אַרויסשטעלנדיק קעגן איר די טיף רירנדיקע געשיכטעס פון בירגער־קריג, אָט דעם קלוימערשט ניט עסטעטישן פראָסטן און שוידערלעכן פּאַרטיזאַנישן וואָר, אין וועלכן ס'איז דאָ אַזויפיל ווירקלעכע אָפּפערווילִיקײַט און ליבע צו מענטשן. אָבער אין דעם פראַכטפול־קינסטלערישן אויפן, ווי פיניגבערג דערציילט די אַלע געשיכטעס, פעלט, דאַכט זיך, די הויפּט-אידיי, די אויסגעשפּראָכענע נײַע קלאַסן־מאָטיוון, וואָס באַוועגן די אַלע געשילדערטע טאַטן, ס'פעלן די קלאַסן־צילן, וואָס באַרעכטיקן די אַלע באַשריבענע גרויזאַמקײַטן, און דעריבער באַקומען זיי זיך דאָ באַווײַט מיט אַזאַ קאָרבאָנעסדיקער הומאַניטאַרישקײַט, האַגאַם, די ליד אינגאַנצן בענומען געהערט געוויס צו די שענסטע לירישע שאַפונגען פון דער יִידישער סאָוועטישער דיכטונג.

פיניגבערג שרײַבט פראַכטפולע קלאַסן־לידער: „לוני"—וועגן דער אימפּעריאַליסטישער פּילכאָמע, צי דאָס ליד וועגן 1905 יאָר, דאָס יאָר, וואָס ער באַצייכנט מיט די דיכטעריש־זעלטענע שורעס:

און די האַפּסאָקע קלינגט מיט ווילדע באַכורים פּאַטלאַטע
מיט אײַנשטעל היציקן, מיט פיבערדיקן שפּרונג,
מיט ערשטער רויטער פאָן אין מיידל־הענט צעפּלאַטערט,
מיט ערשטן פרײַ־צעבונטעוועטן יונג—
אין מײַן האַפּסאָקע, ערד־האַפּסאָקע רופּסטו,
יאָר פון טכילעס, וויגל-יאָר פון אונדזער אופשטאַנד! (לאַנד און ליבשאַפט 112).

פיניגבערג געפינט אַזויפיל עמאָציאָנעלן קלאַסן-אופבראַיז אַפּ צו שילדערן דעם „יונגן מאַטראָס פון באַלטישן פלאָט", וואָס שרײַט אויס אין זײַן רעוואָליוציאָנערן אופשטענדלער־ברעגן: „ערד איך צעשטער דיך און ווידער באַשאַפ!". אין זײַן לעצטער גלענצנדער ליד פון זײַן בוך „לאַנד און ליבשאַפט" פאַרייניקט פיניגבערג טיף פּערזענלעכן לירישן האַרץ־אויסגוס מיט דער פּראָבלעם פון לאַנדשוץ. איז זאָל זײַן, אַז די אַלע לידער זײַנען אופגעפּאַסט

לירישׂ אַבסטראַקט, אין זיי פעלט אין אַ באַוווסטן פּראַט דער קאָנקרעטער אָטעם פון דער באַוווסטזיניק אָנגעפירטער רעוואָלוציע, וואָס איז געקומען מיט אַ קאָנקרעטער באַוווסט־זיניקער פּראָגראַם פון בויען פּראָלעטאַרישע און סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, אָבער די אַלע לידער זײַנען בײַ פינינבערגן שוין לידער פון אַ באַשטימטן קלאַס, דעם דיכטערס קלאַסן־פאַרשטאַנד דריקט זיך אין זיי אויס בולעט, אויסגעשפּראָכן און שאַרף.

און דאָך, אַז פינינבערג שרײַבט ריינע שטייגער־לידער אין דעם זעלבן בוך „לאַנד און ליבשאַפט“ ווערט קלאָר, אַז אַפ יענעם עטאַפּ פון זײַן שאַפן האָט נאָך דער דיכטער ניט אויסגעלערנט זיך אײַנזען דעם קלאַסן־אינהאַלט אויך אין די דיאַלעקטישע אַנטפּלעקונגען פון דער אָביעקטיוו־שטייגערדיקער און סוביעקטיוו־פּערזענלעכער איבערגעלעבטער טאָג־טעגלעכקײַט. דערפאַר פאַרמאָגט נאָך פינינבערג באַהעמישע רעשטלעך, וואָס שטאַמען פונעם בוך „לידער“, בעשאַס ער שרײַבט די לידער נאָנא מיך ציט“, „שטייגער“ און די לידער וועגן יעסענינס טויט. אַמאָל האָט דער רוסישער דיכטער בעזימענסקי ריכטיק געפאָדערט די דיכטער זאָלן זיך אויסלערנען געפינען די רעוואָלוציע אין דער מיליציע. פאַר אונדז שטייט שוין איצט די אויפגאַבע קאָנען געפינען די רעוואָלוציע אין די סאַמע אינטימע אינדיווידועלע פּראָצעסן פון מענטש און שטייגער, אָט די פּראָצעסן, וואָס די בורזשואַזע געזעלשאַפטלעכקײַט איז געווען פאַרינטערעסירט אָפּטיילן פון אַלדאָס סאָציאַלע פאַרהיטן זיי, ווי ביאָלאָגישע אינדיווידואַליזירטע, קלוימערשט, אומבאַרירלעכע טיפּ פערזענלעכע הייליקײַטן.

ווייטיקדיקער נעשאָמע־טרוים!
ליכטיקע לעגענדע!
דורך די דינערס פון דײַן הויז
ווערסטו דאָך געשענדעט.
ווער וועט אָנטייטן דעם פאָלק
ריינעם וועג דורך שטערן
אַז די דינערס פונעם פאָלק —
איבלדיקע ווערים.
(לאַנד און ליבשאַפט. 52

אַזוי שרײַבט פינינבערג, אַז דער טאָעס פון דער דאָזיקער, כאַראַקטעריסטישער דאַנ פאַר פינינבערגן שטייגער־ליד, באַשטייט אין דעם, וואָס דער דיכטער האָט ניט אײַנגעזען, אַז די באַצייכנטע „איבלדיקע ווערים“ זײַנען ניט קיין דינערס פונעם טרוים, ווי ער רופט זיי אָן, נאָר פײַנט פון דער סאָציאַליסטישער ווירקלעכקײַט. און אָנשטאָט צו שענדן די ליכטיקע לעגענדע, ווי דער דיכטער דריקט זיך אויס, שטרײַכן זיי אינדערעמעסן אונטער איר גרויסקײַט, וואָס דולדעט ניט און שלײַדערט אָפּ די אַלע קלאַסנפײַנט, סײַ וועגן זיי קומען פון אויסן, סײַ וועגן זיי וואַקסן פון אינווייניק אינעם געשטאַלט פון איבערגעבירטלער...

און אַזוי און ווײַטער, ווען פינינבערג באַרירט די דירעקטע שטייגער־טעמע, צי די אינדיווידועל־פּערזענלעכע טעמע איז ער בעכאָל אויפן ווייניקער אײַנגעהיט פון אינדיווידואַליסטישע בײַשטימונגען איידער אין זײַן פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן און העראָישן שטאָפּ, דאָרט, וווּ ער באַהאַנדלט זײַן באַציִונג צום רעוואָלוציאָנערן לאַנד און צו געשיכטע פונעם רעוואָלוציאָנערן לאַנד. די פאַרשיידנקײַט פון די דאָזיקע צוויי ליניעס האָט זיך בײַ אים אַזוי צי אַנדערש אויך אויסגעדריקט אין זײַן בוך לידער פון 1930. דאָס דאָזיקע בוך האָט

ער א נאָמען געגעבן „די קריגן דויערן״, א טרעפלעכער, צווײדײַטנדיקער, דאכט זיכ, נאָמען. אפ אזוי פיל אפ וויפל, אויסער זײַנ דירעקטנ באדײַט, קאָנ דער נאָמען באצייכע־נענ אויכ די דויערנדיקע קריגנ באם דיכטער מיט זײַנע אייגענע רעשטלעכ, וועלכע האָבנ נאָכ געפונענ אנ אָרט טאקע דאָ אינ דעם בוכ „די קריגנ דויערנ״ גופא.

3

אונ אינדערעמעסנ אינ „די קריגנ דויערנ״ האָט פינינבערג אָפגעדרוקט א ריי וײַער שטארקע פּאָליטישע לידער, מיט איינער פונ זיי אונטערנ נאָמענ „זאָל פארטיליקט ווערנ״ האָט ער אָנגעהויבנ דעם ערשטנ טייל פונ זײַנ בוכ. די ליד מאָביליזירט צו רעוואָליוציאָ־נערנ לאנדפארטיידיקונג אינ צוזאמענהאנג מיט די באוווּסטע פּראָוואָקאטערישע ארויסטרע־טונגען פונ קאווערדאָ אונ טשאנ-קאי-שי—אנ אויסגעצייכנטע ליד, אינ וועלכער דער דיכ־טער ווארפט אָפ די פּאציפיסטישע געפילנ פונ א מוטער, וואָס האָט מוירע פאר איר קינד, ער ווארפט עס אָפ ווײַל דאָס לאנד איז דאָכ געבויט פארנ קינד אונ אָנפאל אפנ לאנד באדײַט אָנפאל אפנ קינד, אונ דערצו—אונ דאָס איז דער איקער:

אונדז איז באשערט
דאָס ווײַטיקדיק גליק:
גײנ אפ דער ערד
מיט קריג קעגנ קריג!..
(„די קריגנ דויערנ״, זײַט 14)

איז אָט. גלײַכ נאָכ די דאָזיקע ריכטיקע פּאָליטישע אויספירנ, וואָס זײַנענ פארקער־פערט אינ ליריש-בילדערישנ הויט אונ ביינ, קומט אינעם בוכ א צווייטע ליד, וואָס באַ־דירט צום סאָפ פונקט דעם זעלבנ מאָטיוו פונ „לעצטער שלאכט״, אָבער די ליד איז שוינ געבויט אפ צוריק—פונ דער פּערזענלעכער ליניע צו דער פּאָליטישער אונ די פּערזענלעכע טעמע באקומט שוינ דאָ די אויבערהאנט אונ טראָגט ארײַנ געוויסע אינדיווידואליסטישע טענער, וואָס פירנ אָפ אינ א ניט געוווּנשענער אידעאָלאָגישער ריכטונג די טעמאטיק פונ דער ליד.

ווענ דער דיכטער דערציילט אינ דער דאָזיקער ליד „ערמיטאזש״ וועגנ סיציאַנס בילד „די פרוי, וואָס מיטנ שפיגל״, אז די דאָזיקע פרוי, דערציילט ער, ווערט בא אים „דער כאָלעם-בלוי פונ זײַנע וואָגל־יאָרנ״, אונ אָט די פרוי, בעט ער, זאָל צו אים קומענ אינ דער לעצטער שאָ „אפ גרויסנ פעלד אינ קריגנ״—איז דאָכ קלאָר, אז די „אייביק פרוכפּנדע אלדאָנסע מויד״, דאָס „נעבוירנ אונ געבוירנ״ ווערט פאר אים אנ אויסער סאָ־ציאַלער, א ריינ ביאָלאָגישער ציל אנ אונ פאר זיכ. דאָ בא דער דירעקטער אינדיווידועלער טעמע, בעשאס דער דיכטער האָט זיכ פארטראכט איבער דער עסטעטישער פּראָבלעם פונ סיציאַנס בילד האָט ער ניט געפונענ די פעדים, וואָס ציִענ זיכ פונ דער ביאָלאָגישער שיינהײַט צו די סאָציאַלע פּראָצעסנ, אכוץ דעם, וואָס די דאָזיקע שיינהײַט באהאנדלט ער, ווי א אבסאָליוט, אויסער צײַט אונ רוים.

אָנ די צוימענ,
אָנ די לייצנ,
יונג צעשפּרינגג זיכ
אונ צעשטיפּ.

מיט א מעסער
מיר אין פלייצע
גיב!..
גיב!..
רײַס דײַן שווערד ארויס
פון שיידל
שפאלט מײַן קאָפּ,
וואָס זוניק דול
גיב א שמיץ אים
צו די מיידנ
אינ אאול!
("די קריגנ דויערנ", זײַט 76)

אָט ווי עס פארכלינעט זיך, דער דיכטער, אינ זײַנ אינדיווידואליסטיש־ביאַלאָגישער בונטארישקײַט, בעשאס ער גייט דורכ, ווי ער אליינ רופט עס אָנ, "דעם גילגול גופ". זײַנע קאווקאזער לידער מיט דעם טרוים וועגנ דער "פינקג" באווײַזנ דײַטלעכ דעם אײַנרײַס, וואָס הערשט נאָכ בא פינינבערגנ אינ זײַנ בוכ "קריגנ דויערנ", דעם אײַנרײַס צווישנ דער פאָליטישער טעמע אונ אפילע דער פאָעטישער טעמע פונ "לאנד אונ ליבשאפט" מיט דער טעמע דער ריינ פערזענלעכער אונ אינערלעכ־סוביעקטיווער, דאָרט ווו ער גופע דער דיכטער איז דער אָביעקט פונ זײַנע אייגענע באָבאכטונגען. בעשאס ער גראָבט זיכ אײַנ טיפער אינ דעם אינגעווייט פונ זײַנע אייגענע איכ-פלאסטנ פארגייט ער אינ די טונקעלע ווינקלענ פונ דעם קאָסמישנ אונ ביאָלאָגישנ וועלטבאנעם, אָנשטאָט צו געפינענ די סאָציאַלע מאָטיוונ, אָנשטאָט צו פארבינדנ זײַנ שטארק קאָמפליצירטנ אונ גלוסט צו לעבנ ברויזנדיקנ איכ־צאפל מיט די פעדעמ?ר פונ דער נײַער זיכ בויענדיקער סאָציאַליסטישער וועלט, וועלכע ער פילט אונ לעבט איבער בעשאס ער רעדט דירעקט אונ קאָנקרעט וועגנ איר גופע.

זײַנע לידער וועגנ "ראָאלד אמונדסענ" שרײַבט ער אויכ מער אינ פלאנ פונ קאָסמישער וועלט־אופאסונג איידער אינ פלאנ פונ קאָנקרעטע סאָציאַלע אופגאבנ פונ דער ארקטיקער אויספאָרשונג.

נאָר ווער זשע וועט קלאָגנ,
ווער זשע וועט וויינענ,
ס'איז דאָכ געבליבנ א מײַסע,
א מײַסע א שיינע.
ס'איז דאָכ געבליבנ
א מײַסע א שיינע,
סײַ פאר די גרויסע,
סײַ פאר די קליינע.
("די קריגנ דויערנ", זײַט 130)

אָט צו וואָס פארא נייטראלנ אלט־סטיליסטישנ סאָף פינינבערג דערפירט זײַנ אמונדסענ געשיכטע אָנשטאָט צו פארקריצנ אינ געדאנק דעם סאָציאַלנ אונ וויסנשאפטלעכנ באדײַט פונ דער דאָזיקער עפּאָפייע. אונ איצט נאָכ דער טשעליוסקינ־געשיכטע איז שוינ קלאָר די אנדערשדיקײַט פונ דער יעניקער בורזשואזער אונטערנעמונג, וואָס דער דיכטער וואָלט עפּשער דאנ אויכ דערשפירט בא דער געהעריקער סאָציאַלער באלײַכטונג פונ דעם פאקט. אינ דער ליד "בריוו פונ פוילנ" האָט פינינבערג די שארפע סאָציאַלע טעמאטיק, דעם אומקום, ווארשײַנלעכ, פונ א רעוואָליוציאָנער, אויכ אראָפּגעפירט צו דעם פארשלייערטנ גע־

דאנק ווענג דער פאראייביקטער מענטשלעכער קאָרבאָנעסדיקײַט, דעמ זעלבנ געדאנק פאָר-מולירטער בעעצעמ אינ דער פארטונקלטער ליד „א שמועס“ אינ די איבערגעכאזערטע רעפרענישע שורעס:

אונדזער זײַנ—אינ בלוט,
אינ פײַער און אינ שיינקײַט.

(די „קריגנ דויערנ“ ז. 135)

און פאר דעמ גייענ דאָכ די שורעס: „און גאפנ ווי אמאָל און זינגענ, ווי אמאָל“—אינ דעמ „שמועס“ איז אינ הינטערגרונט אוועקגעלייגט כאקע די אמאָליקע זײַנע קאָנצעפציע פונ דעמ „אָטעמ“—פעריאָד, אינ דערדראָזיקער פארטיפטער אינדיווידועלער ליד האָט דער דיכטער זײַנע „גאָלד-און בלוט-זעונגען, אָט די זעונגען פונ בירגער-קריג, ניט איבערגע-שאצט אפ א נײַעמ סאָציאַלנ און דיאַלעקטיש-מאטעריאליסטישנ אויפנ, ווי אינ פילע זײַנע אנדערע לידער, וואָס באהאנדלענ אָט די זעלבע טעמאטיק אפ קאָנקרעטנ פאקטישנ און שילדעריש-אָביעקטיוונ מאטעריאל.

א שאָד, וואָס פינינבערג האָט ניט באצייכנט זײַנע לידער פונ בוכ „די קריגנ דויערנ“ מיט די געהעריקע דאטעס, זיי וואָלטנ, צוגלויבנ, דײַטלעכ באוויזנ, אז פינינבערג האָט אינ איינער און דער זעלבער צײַט געצויגנ די בײדע ליניעס פונ זײַנ שאפנ, אז שרײַבנדיק זײַנע אידעאָלאָגיש-אויסגעקלאָרטע לידער פונ עפישנ און פאטעטישנ כאראקטער, האָט ער אינ אלגעמיינ געפלאָנטערט אינ די ליריש-פערזענלעכע דיכטונגענ. בא דער אינדיווידועלער טעמע, וואָס האָט געזאָלט פארטיפערנ די נײַע סאָציאַליזירטע איכ-איבערלעבונגענ האָט ער זיכ ניט אויסגעהיט פונ אינדיווידואליסטישע רעשטלעכ און בא פינינבערגס אָרגאנישע נויגונג צו סענסועלע פאראלגעמיינערונגענ זײַנענ זיי אינ די אלע לידער פארוואנדלט געוואָרנ אינ עלעמענטנ פונ וועלטבאנעמ, און ניט געוווּנשענעמ, זעלבסטפארשטענדלעכ, וועלטבאנעמ.

איז פארוואָס איז עס אזוי?—ווײַל דעמ דיכטער, וואָס פארמאָגט שוינ ריכטיקע פאָלי-טישע אָנשויונגענ, וועלכע דריקנ זיכ אויס אינ זײַנע דירעקט-פאָליטישע און געזעלשאפט-לעכע דיכטערישע ארויסזאָגונגענ, דעמ דאָזיקנ דיכטער אפילע קומט דאָכ אָנ פיל שווערער אויסמײַדנ ווירקונגענ פונ פרעמדער אידעאָלאָגיע בא די מער אינטימע און פארבאָרגענע פערזענלעכע איבערלעבונגענ, וואָס האָבנ א שײַכעס צו דעמ געביט פונ באוווסטזײַנ, ווו דער איבערבוי קומט אָנ שווערער און געדויערט דעריבער לענגער. און ביפראט, ווענ ס'האנדלט זיכ ווענג דער ארט ליריק, ווו דער דיכטער איז אליינ דער טעמאטישער אָביעקט פונ זײַנ ליד, דאָ גילט דאָכ אוואדע די מער דויערנדיקע אינערטע פארבינדונג מיט בלוט-אייגענע פארבליבענע אינ געדאנק און געפיל אײַנגעגעסענע רעשטלעכ, רעצידיוונ, דערמאָנונגענ, וואָס דער דיכטער דארפ זיי אופדעקנ און דערפירנ צום אייגענעמ באוווסט-זײַנ ביכדיי צו פאָטער ווערנ פונ זיי, זיי אויהלעבנ און פארניכטנ.

און דערפאר, צו גלויבנ, זײַנענ פינינבערגס לידער פונ דעמ ארט פארטונקלט און פארשלייערט: באגלײַכ מיט דער גאנצער מענגע קאָנקרעט-אופגעקלערטע און סאָציאַל-בא-זיניקטע לידער קומענ דאָכ דאָ אינ בוכ די נאָר וואָס דערמאָנטע אינדיווידועלע און אינ-דיווידואליסטישע דיכטונגענ, ווו דער אינערטער אינ טאָכ פאָעטיש'ער געדאנק איז סימבאָ-ליש-פארהײַטלט, ניט אויסגעקלאָרט, ווי ס'דאכט, פארנ דיכטער גופע, וואָרעמ ווענ ער זאָל יאָ זײַנ אופגעדעקט וואָלט ער דאָכ ווערנ דערפירט צומ דיכטערס באוווסטזײַנ און דאנ וואָלט ער געוועג אויסגעלעבט, ווי בעזאָגט, און אָפּגעלייקנט אינ דער ליד גופע.

דעם דיכטערס באַװוסטזײַן האָט זיך דאָ אינעם בוך „די קריגן דויערן“ דאָך פּאָרט אויסגעדריקט און אַרויסגעזאָגט מערער אין די שאַרפע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פּאָעטישע שאַפונגען, װאָס באַװײַזן, אַז דער דיכטער שטייט געזעלשאַפטלעך-פעסט אַף זײַן אויסדערװײלטער סאָװעטישער פּלאַטפאָרם.

אין יאָר אין אַכצנטן, אין צװאַנציקסטן געשטורעמט האָט בראָנעװיק—
מיט פעלד און שטאָט, מיט פּלאַץ און ליק,
האָט ליד אַף אַלע יאָרן זיך צעװיגט,
האָט ליד געלערנט זיך ניט בלייך, ניט װייך, ניט שטום זײַן,
האָט ליד אַף אייביק זיך פאַרליבט
אין ערדן-הייך, אין ערדן-טיף,
אין דרייסטן שפּרונג, אין יונגן אומזין,
אין פּאָנען-קריג,
אין שטאָלצער שטעל
פאַר מיר, פאַר דיר, פאַר גאָרער װעלט!..
פון דעמלט אָן—אויב אונדזער ליד טוט װיי—
פון אָנהויב ערד ביז ,ענדע ערד דער לידס געשריי!
פון דעמלט אָן—אויב ס׳קומט צו ליד צו אונדזערער די פרייד—
שאַלט זי—אַלע! אַלע! אַלע! קינד און קייט!

(„די קריגן דויערן“ זײַט 22)

דער דאָזיקער לענגערער אויסצוג פון דער אויסגעצייכנטער ליד „אַן „ענטפער“ איז געגוג אַף צו באַװײַזן די באַװוסטזיניקע אָרגאַניזירטקײַט פון פיניננבערגס געדאַנק און װאָרט דאָרט װוּ ער קומט פאַרטיידיקן זײַנע געזעלשאַפטלעכע סאָװעטישע איבערצײַגונגען. אַזוי פיל געזונטע לײַדנשאַפט פאַרמאָגט אָט דער „ענטפער“, מיט אַזאַ קינסטלערישן פלעטנדיקן סאַרקאַזם!

און די שיינע לידער: „אַפן דעמב דעם הויכן“. „קאָמיוג“, „דרײַסיקטער זומער“, „סים-בירסק“, „מעדינע אונדזערע“, „קעדיי“—איינע נאָך איינע קומען זיי און שטעלן אויעך פינינבערגן אין דער ערשטער ריי צװישן די בעסטע יִדישע סאָװעטישע דיכטער, צװישן די דיכטער, װאָס לעבן אַ פולבלוטיק, דיכטעריש-געזעלשאַפטלעך-לעבן, פאַרקערפּערנדיק דעריקער דעם אַרומיקן ברויזנדיקן פּאָליטישן לעבנאינהאַלט אין מײַסטערישן געפינס פון קינסטלערישער פאָרם.

פינינבערג שפּילט װירטואָזיש אַפן װאָרט. פינינבערגס פּאָעטישער סטיל איז װייניקער געבויט אַף דער אויסגעשפּראָכענער בילדערישער מעטאַפאָר און מערער אַף דער רײַפער פילבאַרקײַט פון זײַן לעקסישער קלאַװיאַטור, װאָס גיט אים די מעגלעכקײַט אויסדריקן דעם געדאַנק דורך פילערלייִקע װאָרט-און שורע-מיטלען. פינינבערגס שרײַב-סטיל גייט בײַ אים אַריבער אָפט אין אַ מין רייד-סטיל. אין מאָנאָלאָגאַרטיקער ליד מיט דער גרויסער מײַלע פון רעדנערישער איבערצײַגונגס-קראַפט, אָבער אויך מיט פאַרגאַנװעטע אָפּטמאָל רי-טאָרישע עלעמענטן, בעשאַס עס פאַלט בײַ אים די אָנגעשטרענגטקײַט פון אינהאַלט אָדער פון דער דיכטערישער פאַבול.

וואָס איז שייַעך פינינבערגס שפּראַך, שעפּט ער זי מיט פולע הויפנס פונעם מאַסנטימלעכן קוואַל און אויך בײַ דעם שטעטלדיקן ווילקענעוודיקן מיטלשיכט, באַכיינענדיק זײַן מאָדערנעם וואָרט-געלאָס, מיט אינטערעסאַנט-דיסאָנירנדיקע ווערטער פון העברייִשע און אַלט-ייִדישע רעדנסאַרטן, ניט אײַנהיטנדיק זיך אָבער אָפּטמאָל פון ווערטער, וואָס זײַנען באַוואַקסן מיט אַלטשטייגערדיקע אַסאָציאַציעס און קאָנען ניט בעשום אויפן ווערן איבערגעזעצט און אַרײַנגעפּלאַנצט אין דעם נײַעם אויפגעריירטן באָדן פון דער אונדזעריקער רעוואָליוציאָנערער שפּראַך-סיסטעם. פינינבערג האָט אָבער אַלנפאַלס היפּש באַווירקט און באַרײַכערט אונדזער יונגע סאָוועטישע דיכטונג אין זין פון סטיל און לאָשן.

און נאָך. פינינבערג ברויכט פאַרשיידענע זשאַנרען. פּאָליטישע ליד, באַלאַדע-פאָרם, סאַטירישע שטייגער-דיכטונג. לידער אַף קינדער-מאָטיוון—די ליד „מענטשעלע“, צום בײַשפּיל, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ אינטערעסאַנטע לירישע זשאַנר-פּאָלקומענהײַט, צי די אויסגעצייכנטע באַלאַדנאַרטיקע פּאָעמע „סימבירסק“. דער דאָזיקער „פּלאַקאַט“, ווי פינינבערג האָט עס אַליין באַצייכנט, איז היפּש פּאָפּולער, באַם דערוואָקסענעם און שול-לייענער, אַ דאַנק דעם, וואָס דער דיכטער האָט דאָ געפונען מיטלען מיט לירישן-איבערצײַגנדיקע לויפנדיקע שטריכן פאַרקריצן אין זיקאָרן סײַ די גראָטעסקירטע פיגור פון דעם סימבירסקער פאַבריקאַנט, סײַ די העל-און ליב-באַלויכטענע געשטאַלט פון דעם פירער לענינ—די פלינקע און שאַרפע שילדערונג פון זײַן קאַמפּס-לעבן און די געשיכטע פון דער שטאָט סימבירסק, וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען „אוליאַנאָווסק“.

און פון דער צווייטער זײַט געראָט פינינבערגן דער סאַטירישער זשאַנר, דעריקער, די פּאַמפלעטישע צייכענונג, צו וועלכער ער ווענדט זיך גאַנץ אָפט. פון דעם אַרט איז דאָ אין בוך „די קריגן דויערן“ די ליד „קלאָווים“, אַ ליד מיט שאַרפן פּאַמפלעטישן געמעל פון די „אומווערדיקע קלאָווים, וואָס מ'האָט ניט צעשאָסן, וואָס מ'האָט ניט דערשאָסן אין גײַנצנטן יאָר“. און אין די אַלע זשאַנרען בלײַבט פינינבערג געטרײַ זײַן עכט-לירישן דערהויבענעם גאַנג, ער בלײַבט אויך געטרײַ דער פּאַטעטישער באַגײַסטערונג, דער זיך ציִענדיקער שטימונג, אויב ניט פון „לאַנד און ליבשאַפט“ איז פון לאַנד—ליבשאַפט, די שטימונג, וועלכע ער וואַרירט אין טאָך אין פילע לידער פון פאַרשיידענע טעמאַטישע און פּאַבוליסטישע לענגען און ברייטן.

די טעמע פון לאַנד-ליבשאַפט ווערט דאָך די דאָמינירנדיקע אויך אינעם לעצטן בוך לידער, אין פינינבערגס העפט „אַן ערד אַן אַנדערע“ פון 1934. די טעמע ווערט דאָ נאָך פאַרברייטערט. זי ציט זיך טאַקע פון לאַנד צו ערד, זי ווערט אַ טעמע אַן אַלערדישע, אַף אַזוי פיל, אַף וויפל, דער דיכטער נעמט איצט אַרײַן אין זײַן דיכטערישן קאָנטעקסט דעם אַלוועלט-איבערבוי, דעם קלאַסן-שלאַכט און דעם קלאַסן־זיג איבער דער גאָרער ערד.

כאַווייִרים,
טײַערע,
באַשערט,
באַשערט איז אונדז
באַנײַען
פײַערדיק
די שטעט
די ערדיקע.

די וועלט־שטעט
זידנ שוינ,
די וועלט־שטעט
ברענענ שוינ
מיט טאָג
פונ אופשטענדלער,
מיט אָנזאָג
לענינשנ.
(„אנ ערד אנ אנדערע״, זײַט 8)

מיטנ הויפט־לאָזונג פונ דער ליד: „אנ ערד מענ דארפ אויסבויענ, אנ ערד אנ אנדערע!״ האָט דער דיכטער געוויס פארברייטערט זײַנ געדאנקענ־קרײַז, אינ די אלע לידער פונ דעמ ציקל „מונטער״ האָט פינינבערגס פריידיקע לעבנסבאשטעטיקונג באקומענ א גרעסערע סאָציאַלע שטרעבונג אונ אָנלאָדונג. זי האָט זיכ פארבונדנ מיט א אידייענ־פארנעמ פונ א וועלט־אופטרייסלונג אונ א וועלט־אויסלייזונג. פינינבערגס לײַדנשאפטלעכער טעמפעראַ־מענט, זײַנ עמאָציאָנעל־אופגעברויזט וואָרט איז אימ בײַגעשטאנענ באמ אָנפילנ מיט גע־וויכטיקנ קינסטלעריש־ווירקנדיקנ געפיל די אלע אבסטראקטע דיכטונגענ פונעמ ציקל „מונטער״. ס'איז געוויס א פריידיקער באווײַז, ווענ א סאָוועטישער דיכטער דערגרייכט צו פארמאָגנ א הארצ א פולס מיט אזא אָרגאנישער ליבע צומ ראטנלאנד אונ מיט אזא אָרגאנישנ האס צומ אלוועלטלעכנ קלאסנ־סוינע, וואָס מאכט אימ אומשטאנד אויסדיכטנ דאָס דאָזיקע, אינ פלאנ פונ מוזיקאַלנ, קאָנ מענ זאָגנ, אבסטראגירטנ געפילנ־אויסדרוק. עפעס ליגט דאָ נײַעס אונ וויכטיקעס אינ דעמ אויסגעזאנג־זשאנר, אינ אָט דעמ ריינעמ הימנענ־פאָרמ, וואָס פי־נינבערג האָט אויסגעפונענ פארנ אויסגוס פונ זײַנע דיכטעריש־אופגעברויזטע פאָליטישע דער־לערנונגענ.

אונ דאָכ אונ פונדעסטוועגנ איז דער וועג, דער הימנענארטיקער געזאנגענ־וועג איז פול מיט געפארנ אונ שטרויכלונגענ, צומ אלעמ ערשטנ, דערפאר ווײַל די אבסטראקטע טעמאטיק איז אינ טאָכ א באגרענעצטע, זי כאזוערט איבער איינעמ אונ דעמ זעלבנ אלגעמיינעמ אונ פאראלגעמיינערטנ געדאנק, פירט זי אזוי ארומ צו פאָעטישער ריטאָריק. אינ פינינבערגס ליד „מארקס״ איז דעריבער דער פארלאנג צו שילדערנ דעמ „דאָקטער פונ רעוואָליוציע״, שטארקער איידער די אויספילונג פונעמ דאָזיקנ דיכטערישנ פארטראכט. די אלע דעקלאַ־ראטיוו־אויסגערעכנטע רעוואָליוציאָנערע געשעענישנ, וואָס זײַנענ געוויס פארבונדנ מיט מארקסנ דעקנ דאָכ ניט אופ דעמ באדײַט פונ מארקס געווינישער ווידקונג אפ די מארק־סיסטיש אנטפלעקטע אונ פעסטגעשטעלטע פראָצעסנ פונ וועלט-איבערבוי, וואָס דער דיכ־טער איז אליינ אויסנ געווענ באצייכענענ, ברויכנדיק בענענייע צו מארקסנ, דעמ היינע־נאָמענ „דאָקטער פונ רעוואָליוציע״.

איבער דוירעס וויסט
אונ איבער דוירעס גראָבקײַט
מיר האָבנ דיכ געפײַערט
מיט פארליבטקײַט,
מיר האָבנ דיכ געיאָנטעווט
אינ מאיאָווקעס,
אינ די וועלדער,
וואָס ארומ סאָפּיעווקע.
(„אנ ערד אנ אנדערע״, זײַט 22)

איז דען ניט קלאָר, אַז די דאָזיקע פּאַטעטישע אָבער אויסערלעכע שילדערונג איז ניט בענוג אַף צו איבערגעבן דעם דיכטערס פּאָרטראַכט, זײַן אויסן זײַן אָנשוילעך אָנמאָלן די דאָזיקע טעאָרעטיש־פּראַקטישע קייט פֿון רעוואָליוציאָנערע דערשײַנונגען וואָס ציט זיך פֿון דער מאַרקס־לערע. און אַז פֿינינבערג שרײַבט אין ליד „טאָג“ די שורעס.

ביסט שטענדיק
דאָ,
ביסט אומעטום פֿאַראַנען,
און שטענדיק כ׳בין
בא דיר, אין דיר, מיט דיר...
(„אַן ערד אַן אַנדערע“, זײַט 16)

איז אָט די דאָזיקע ווענדונג צו דעם רעוואָליוציאָנערן טאָג פֿאַרמאָגט דאָך פֿאָרט ריטאָרישע טפילע־רעמינינסצענצן, וואָס קומען פֿון דעם צו אַבסטראַקטן כאַראַקטער פֿון דער ליד בעשאַס דער דיכטער קאָנטראָלירט ניט זײַן אופגערודערטן הויכן געפילן־גאַנג, ער רײַסט אים אָפּ אַדעראַבע פֿון די אַרומיקע קאָנקרעטע ערד־איבערלעבונגען מיט זייער רעוואָליוציאָנער־נײַעם און קוואַליטאַטיוו־אַנדערשדיקן באַגײַסטערונג־אינהאַלט. ס׳איז דאָך אינטערעסאַנט, וואָס די נויגונג צו קורצשורעדיקער גראַפֿישער צייכענונג אין פֿינינבערגס לידער פֿון דעם אַרט טראָגט אויך אַף זיך ערטערווײַס דעם שטעמפּל פֿון אַבסטראַקטן „פֿרײַעמ־“ געדאַנק, וואָס צווינגט דעם דיכטער געבן יעדן באַזונדער אויסגעטיילטן וואָרט און שורע אַ טאַקטישע אָנלאָדונג אַנשטאָט דער נויטיקער זינלעכער...

פֿינינבערגס בעסערע לידער פֿון דעם בוך „אַן ערד אַן אַנדערע“ זײַנען געוויס די קאָנקרעטע לידער: „אַ שאָד“, „באַגלייטונג“, „אַ שפּאַציר“, און נאָך פֿיל, פֿיל אַנדערע, ווו דעם דיכטערס דערהויבונג־וואָרט אַנטשפּרעכט דער פֿולבלוטיקער ווירקלעכקײַט, וואָס ער האָט ניט בלויז אופגענומען אָביעקטיוו, נאָר אויך איבערגעלעבט אין פּראָצעס פֿון זײַן אינדיווידועלער שעפֿעריש־אָנגעשטרענגטער אַרבעט. די לידער פֿונעם ציקל „פּיאָנעריש“ אויסגעצייכנטע לידער, באַווײַזן אויך באַשײַמפּערלעך ווי שטאַרק דער דיכטער איז דאָרט, ווו ער באַהעפֿט אויסגעטראָגענע פּראָלעטאַרישע וועלט־אָנשויונג מיט פּראַקטישן קאָנקרעטן לעבנ־אינהאַלט. בא די דאָזיקע לידער איז אַגעוו, קערײַ דערמאָנען די קינדער־דיכטונגען, וואָס פֿינינבערג האָט געדרוקט אין זײַן אַמאָליקן בוך „לידער“, דער דורכגעגאַנגענער שאַפֿונג־וועג איז דאָ אָנשוילעך באַלערנד אַפֿילע פֿאַרן דיכטער גופֿע. ס׳האַנדלט זיך וועגן דעם אונטערשייד פֿון יענער פֿאָלקלאָריסטיש־פּאַרטונקלטער סטאַ־מײַסעדיקײַט ביז דער אידעאָלאָגיש־אויסגעקלאָרטער מײַסטעריש־פֿאַרשטײַפּטער און צילגעווענדטער ליד אַף דער קינדער־טעמע, וואָס דער דיכטער פֿלעכט אַזוי אָרגאַניש אַרײַן אינעם גאַנצן קאָנטעקסט פֿון אונדזער בויערישן לעבנסוואָר, בלײַבנדיק דערבײַ פֿולשטענדיק געטרײַ דעם קינדער־באַרוף פֿון „בויערײַ און שפּילערײַ“...

איינס איז קלאָר. פֿון דעם גאַנצן בוך „אַן ערד אַן אַנדערע“ גייט פֿינינבערג אַרויס אַ אידעאָלאָגיש פֿאַרשטאַרקטער מיט פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכער אידיי, אין בלוט און פֿלייש פֿון דיכטערישן וואָרט און איבערלעבונג. אין טאָג־אָרדענונג פֿון זײַן שאַפֿונג שטייט איצט דאָס גרעסערע עפּיש־שילדערישע ווערק, פֿאַר וועלכן ער האָט דורכגעמאַכט אַזאַ מײַסטערישע פֿאָרברייטונג, און די פֿאַרטיפֿטע ליריש־אינדיווידועלע ליד, וואָס דאַרף האָבן צו טאָן דירעקט מיט די סאָציאַליזירטע לעבנס־געפֿילן, אַ ליד, וואָס דאַרף זײַן דורכגעדרונגען מיט דער „מאַמאָשעסדיקער טרײַשאַפֿט“, וועגן וועלכער ס׳רעדט אַליין דער דיכטער, בע-

שאס ער האָט אין דער ליד „צו די אויצרעס" טאקע אליין אויך א רייד געטאָן וועגן באַוווּסטע געפאַרן פון דעם אָדע־סטיל...

א ליד באדארפ האָבן
אין שלאכטן דער קריגער,
א ליד באדארפ האָבן
די בויער־מישמוירע.
באם לייגן די דילן,
באם שפרייטן די סטעליעס
באדארפ מען א ליד
וועגן מענטש און דערהויבונג.
א ליד וועגן שטייַגן,
א ליד וועגן אָנשטרענג,
א ליד וועגן אָנקום
צו זון איבער דוירעס.
(„די קריגן דויערן", זייַט 150)

די דאָזיקע גלענצנדיקע פאָרמולירונג פון א סאָוועטישער דיכטער־פּראָגראַם איז פונעם בוך „די קריגן דויערן". אין די שפּעטערדיקע לידער, אין די לידער דערהויפּט פון בוך „אן ערד אן אנדערע" איז פינינבערג אין א באַוווּסטן פראט אָפּגעגאנגען פון דער דאָזיקער אָנגעצייכנטער דיכטערישער אופגאבע, אוועק איז ער, אזוי צו זאָגן, אין דער פּאָליטישער לערע און פארפּעסטיקט זיך נאָך מער אַפּ די פּאָזיציעס פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם. איצט אָ־ער ווען דער דיכטער שטייט צוזאמען מיט דער גאנצער יידישער סאָוועטישער דיכטונג אין סאמע מיט פון די סאָציאַליסטישע רעקאָנסטרוקציע־פּראָצעסן, איצט באדארפ ער אויספילן זייַן אייגענעם צוזאָג און שאפן דאָס וויכטיקסטע פאר א דיכטער א ליריקער, ער דארפ שאפן דאָס ליד טאקע „וועגן מענטש און דערהויבונג"...

אזא ליד קאָן זייַן נאָר די דערקענטעניש־ליד, דאָס ליד, וואָס שטעלט די פּראָבלעם פון דעם נייַעם סאָציאַליסטישן מענטש. אזא דיכטונג איז די פארטיפערט־לירישע דיכטונג, וואָס דרינגט אריַין מיט פארשטאנד פאר סאָציאַלע פּראָצעסן אין יענעם געזעלשאפטלעכן קאָנפליקטן־קנופּ, פון וועלכן עס ציִען זיך די פעדים צום נייעם באוווּסטזייַן, צום דיכטערס אייגענעם באוווּסטזייַן, וואָס גייט מיט שלאכטן, געווים מיט שלאכטן, צו דער אויסבילדונג פון דעם פּסיכאָ־אידייִשן וועזן פון דער נייַער סאָציאַליסטישער פערזענלעכקייַט.

פינינבערגס ביז איצטיקע פארטיפערטע דיכטערישע ארבעט פארזיכערט אין זייַנע ווייַטערדיקע דערפאָלגן אין דעם אָדער יענעם זשאנר אויך אַפּ דעם געביט. אונדזער סאָוועטישער לעבנסוואָר, וואָס איז געזעטיקט מיט וווּנדערלעכן פערזענלעכן העלדן־טאט אין דער וואָכעדיקער טאָגטעגלעכקייַט—אזא מין קוואליטאטיוו־נייַער קאָמפּלעקס פון מענטש אין טאט און איבערלעבונג—דאָס איז די טעמע פארן פארטיפטן ליריקער, די טעמאטיק פאר עזרע פינינבערג, דעם דיכטער, וואָס קומט, ווי ער זאָגט אליין:

מיט דרייסטער האנט,
מיט מייַסטערשער געניטקייַט,
מיט רויטן בלוט,
וואָס ווערט ניט אָפּגעשוואכט.
(„אן ערד אן אנדערע", זייַט 116)

ריכטיק. געוויס אזוי.

יונ. 1934.

י. סערעבריאני

# לאכנדיק, זאָגנ דעמ עמעס

(פ. סיטאָ — „פאראָדיעס". מ"פ פונ ווייַסרוסלאנד. מינסק, 1934).

„דער געלעכטער העלפט אינ שלאכט", — דאָס איז איינע פונ פעפערס שורעס, וועלכע סיטאָ נעמט פאר א מאָטאָ צו זייַנ ביכעלע ליטעראַרישע פאראָדיעס אונ עפיגראמענ. סיטאָס „פאראָדיעס" אונ א ריי אנדערע ענלעכע, וואָס דארפנ אומבאדינגט קומענ נאָכ זיי (איינ ביכעלע „מאכט ניט קיינ פאָגאָדע") וועט אונדז זייער אסאך מיטהעלפנ אינ אונדזערע שלאכטנ פאר אנ עמעסער, הויכ־קוואליפיצירטער קינסטלערישער ליטעראטור.

אינ די „פאראָדיעס" איז געלונגענ דיסקאָנטירט אונ אופגעדעקט געוואָרנ, ערשטנס, א ריי נעגאטיווע שטריכנ, וואָס זייַנענ כאראקטעריסטיש (אָדער טיילווייַז געווענ כאראקטעריסטיש) פאר אונדזער ליטערעטור אינ אלגעמיינ אונ, צווייטנס, דאָס, וואָס עס דריקט אָפּ אייניקע שרייַבער באזונדערס ווי א באלאסט אונ פארקריפלונג. עמעס בא הייַנטיקנ טאָג זייַנענ שוינ אייניקע פונ די פאראָדירטע „קינדער־קרענק" אינ א גרויסער מאָס אויסגעלעבט אָדער ווערנ אויסגעלעבט. נאטירלעכ, סיטאָס „פאראָדיעס" שעפנ ווייַט ניט אויס אלע פראָבלעמעס, וואָס שטייענ פאר אונדזער ליטעראטור. ניט אלץ איז שוינ איצט אזוי אקטועל אונ שלאָגנדיק. אָבער אפילע דאָס, וואָס איז שוינ בא הייַנטיקנ טאָג ניט אזוי אקטועל, ווערט אינ די „פאראָדיעס" ווידעראמאָל אופגעלעבט אונ דער לייענער וועט מיט באפרידיקונג צושמייכלענ אָפּ דעמ, וואָס ער האָט עפשער אמאָל אָנגענומענ מיטנ גאנצנ ערנסט.

מיט וואָס צייכענענ זיכ אויס סיטאָס „פאראָדיעס"? אונ פארוואָס זייַנענ זיי, אָנ קיינ שום סאָפעק, געלונגענ?

ווייַל, דער אוטער איז, פריִער פאר אלץ, באקאנט מיטנ מאטעריאל, מיט זייַנ ווירקלעכנ אויסזענ אונ סטארעט זיכ שטענדיק געפינענ דעמ וויכטיקסטנ רונג אינ יעדנ פאראָדירטנ אָביעקט אונ סוביעקט;

ווייַל, דער אוטער באציט זיכ ניט גלייַכגילטיק צו זייַנ טעמע. ניט לאכנ צוליב לאכנ, נאָר א טיפע ליידנשאפטלעכע פארינטערעסירונג אינ דער טעמע. לייענענדיק די „פאראָדיעס" דערשפירט איר, אז דער אוטער ווייטיקט פאר אָט די אלע בלויזנ, וועלכע ער באריִרט, אז דאָס רעדט אנ אייגענער אונ ניט קיינ פרעמדער פארבייַגייער. די פארשארפטע, אָפּט סאטירישע מאָמענטנ אינ די פאראָדיעס, איבערצייַגנ אונדז, אז דעמ אוטער זייַנענ טייַער די אינטערעסנ פונ אונדזער ליטעראטור אונ איבער אלץ אונ העכער, — די אינטערעסנ פונ אונדזער לעבעדיקער ווירקלעכקייַט... דערפאר טאקע איז דער אוטער אזוי קאָנסעקווענט ביזנ סאָפּ אינ זייַנ „קריטיק", ניט שוינענדיק קיינ פערזאָנענ. דאָ, ווו דער אוטער טרעט אָפּ פונ די דאָזיקע איבנגערמאָנטע מאָמענטנ, פארלירנ זייַנע שאפונגענ זייער דערקענטעניש־ווערט, זייער סאָציאל־ליטערארישנ עפעקט. אָבער אזעלכע עפעקטנ זייַנענ ווייניק.

שוינ באלד פונ אָנהייב פירט אונדז דער אוטער ארייַנ אינ דער באקאנטער געדיכטער ליטעראַרישער אטמאָספער. זייַנ „אוווערטיור", — דאָס איז אינ אלגעמיינ א געלונגענער מאָנטאזש פונ פארשיידענע נעמענ אונ פאבולעס פונ ווערק פונ די סטאביליזירטע לאגערנ אינ אונדזער קריטיק. דאָס אלץ צוזאמענ גענומענ גיט אונדז א בילד פונ דעמ פרימיטי־

ויזמ, שטאמפּ, מאָנאָטאָנישקייט גרופּנ־קאמפּ, מיט וועלכע עס איז אָפּט געווענ דורכגעדרונגענ אונדזער ליטעראריש לעבנ.

„שטייט אופ „קאיאָר שיסט מענ
רוקסט נאָר ארויס דעמ קאָפּ „פונעמ אלקער״—שיסט מענ א. א. וו.

אָבער דאָס אָפּטע אויבערפלעכלעכער „שיסנ״, „קוילנ״ און ביכלאל „שלעכטע סאָפּנ״ האָט געהאט א היפּשנ אָרט אינ אונדזער ליטעראטור. אָט דעמ דאָזיקנ פּוסטנ קוראזש און טומל איז עס געווידמעט די „אוווערטיור״, וועלכע ענדיקט זיכ מיט דעמ זייער לאָגישנ פינאל.

„גוואלד, גאזלאָנימ!!! פארוואָס קומט עס אונדז אזא „מיראס האדינ״?!

שפּעטער, ווענ סיטאָ הייבט אָנ פּאנאנדערשיפרירנ יעדנ שרייבער באזונדער, ווערט קענטיק אפּ וואָס יעדערער ליידט: עס ווערט אוועקגעשטעלט דער דיאגנאָז פונ יעדער כאלאעס באזונדער, אונ דאָ ווייזט ארויס סיטאָ עמעסע מייסטערשאפט אפנ געביט פונ אימיטירנ אונ פּאראָדירנ ניט נאָר דעמ אווטערס גערעדאנקענגאנג, נאָר דעמ גאנצנ אידייִש־פּסיכאָלאָגישנ אונ סטיליסטיש־לעקסישנ קאָמפּלעקס. אינ די פּאראָדיעס ווערט יעדע באזונדערע געפערלעכע דערשיינונג לאָקאליזירט אונ אפנ אָרט „ליקווידירט״.

אינ יעדנ אווטער לאכט סיטאָ אויס דאָס אויטרירט דעקלאראטיווע, אנאכראָניסטיש־מאָנאָטאָנישע אונ ביכלאל קינסטלעריש־אומטאקטישע. עמעס, די אויספּירנ וועלכע ער מאכט, זיינענ ניט אלעמאָל געלונגענע אונ אויסשעפּנד. אמאָל צו קאטעגאָריש־איינזייטיק (א שטייגער בענעגייע פעפערנ, ניסטערנ אונ אנד.). אָבער די קאָנסטאטירונג אונ אקצענטירונג איז אומעטומ אינ די „פּאראָדיעס״ א טרעפלעכע, אונ אינ דעמ זינ איז דער ציל אינגאנצנ דערגרייכט, דערצו נאָכ ווערנ נאָכ א ריי אווטערנ „קאָמפּענסירט״ (פּאָזיטיוו אָדער נעגאטיוו) אינ יענע פּאראָדיעס, וואָס האָבנ צו זיי קיינ דירעקטע שייכעס ניט, אונ אזוי ארומ ווערט דאָס בילד פונ יעדנ אווטער פולער אונ בוילעטער. אָט צ. ב. אינ דער פּאראָדיע, געווידמעט כאשטשעוואצקענ זיינענ אריינגעפלאָכטנ: בראָנשטיינ, ליטוואקאָוו, אראָנסקי, גילדינ, וועלעדניצקי, ווײַנערמאנ, קאָטליאר אונ שטורמאנ. דאָס זעלבע אינ מייער וואסערפאלס (אינ אנ אנדער ניואנס), ווײַנערמאנס אונ אנד. פּאראָדיעס.

אסאכ שוואכער זיינענ די עפּיגראמענ. דאָ איז שוינ ניטאָ ניט די שארפזיניקייט פונ בעראנק, ניט די טרעפלעכקייט פונ דער קאָנסטאטאציע אונ ניט די ליידנשאפט, וואָס איז כאראקטעריסטיש פאר די פּאראָדיעס. דאָס סאמע בעסטע איז דאָ גראָד דער „דיאלאָג״ וועגנ אראָנסקעס ראָמאנ „ניגע״, ד.ה. דאָס, וואָס איז ווינציקער כאראקטעריסטיש פאר דעמ עפּיגראמ־זשאנר.

סיטאָס ביכעלע „פּאראָדיעס״ גיט אונדז א גענוג קענטיקנ קינסטלערישנ בילד פונ א ריי נעגאטיווע טיפּישע שטריכנ פונ אונדזער ליטערארישנ לעבנשטייגער פאר דעמ לעצטנ צענדליק יאָר. די פּאראָדיעס אונ עפּיגראמענ וועלנ ברענגענ גרויסע נוצנ, באזונדערס, אונדזערע יונגע שרייבער, וואָס נעמענ אָפּ בא די עלטערע דאפקע זייערע לייכטערע, שוואכערע זייטנ אונ באציענ זיכ ביכלאל ניט קריטיש באמ דערלערנענ די עלטערע מייסטער פונ אונדזער ליטעראטור.

פאר סיטאָנ גופע איז עס א געלונגענער פּרווו צו פארברייטערנ זיינ טעמאטיק אונ שעפערישע מיטלענ. דאָס וועט אויכ דעמ אווטער אליינ אָפּהיטנ פונ א ריי בלויזנ אינ זיינ אייגענעמ שאפנ. אונ דורכנ אָפּשטויסנ זיכ פונ די דאָזיקע בלויזנ וועט אויכ סיטאָ זיכ אופהייבנ אפ א העכערער שטופע.

# כראָניק

צום ערשטן סאָוועטן־צוזאמענפאַר אין דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט, וואָס עפנט זיך אין דעקאבער כוידעש, זײַנען קיין בירעבידזשאן ארויסגעפאָרן א ריי דעלעגאציעס פון די פארבאנדישע רעפובליקן, פאָרשטייער פון די ייִדישע ארבעטנדיקע פון אויסלאנד און א ריי שרײַבער.

פון מאָסקווע זײַנען ארויסגעפאָרן די כאווײרים: מארקיש, דאָברושין, גאָדינער; פון אוקראינע — האָפשטיין; פון ווײַסרוסלאנד — כאריק. דער כ׳ כאריק איז געפאָרן אין דער שפיץ פון דער מעלוכישער דעלעגאציע פון ווײַסרוסלאנד אפ באגריסן דעם צוזאמענפאָר אין נאָמען פון ציק און פון די ארבעטנדיקע פון ווסס״ר.

---

דעם 13־טן נאָיאבער איז אין שרײַבער־הײַז בא א פול־געפאַקטן זאל פאָרגעקומען אן אָונט, געווידמעט דעם ייִד. סאָוו. דיכטער ש. ראָסין.

מיט א פאָרטראג וועגן ראָסינס שאפונג איז ארויסגעטראָטן דער כ׳ כאריק.

מיט ווערטער וועגן דעם דיכטער זײַנען ארויסגעטראָטן די כ״כ: בראָנשטיין, האלקין, צארס, קאבאקאָוו, אקסעלראָד.

אלע האָבן זיך אָפגעשטעלט אפ ראָסינס שעפערישן וועג, באזונדערס אפ זײַן לעצטער פאָעמע „זין און טעכטער“, אָנווײַזנדיק, אז די פאָעמע, וואָס שילדערט די צײַט פון 1905־טן יאָר, איז אן אינטערעסאנטער פארמעסט און ווײַזט דעם דיכטערישן וווּקס פונעם כ׳ ראָסין.

צום סאָף האָט כ׳ ראָסין פאָרגעלייענט זײַנע נײַע לידער און אויסצוגן פון זײַן פאָעמע „זין און טעכטער“, וואָס זײַנען ווארעם אופגענומען געוואָרן דורך דער אודיטאָריע.

---

דעם 25־טן נאָיאבער איז אין מינסק פאָרגעקומען א גרויסער ליטערארישער אָוונט געווידמעט דעם ייִדישן סאָוועטישן דיכטער — פערעץ מארקיש.

דעם אָוונט האָט געעפנט מיט אן אַרײַנפיר־וואָרט דער כ׳ כאריק.

מיט א פאָרטראג וועגן מארקישעס שאַפונג איז ארויסגעטראָטן דער כ׳ בראָנשטיין.

מיט ווערטער וועגן כ׳ מארקישעס שאפונג זײַנען ארויסגעטראָטן די כ״כ: אקסעלראָד, אגורסקי, פלאטנער, קולבאק; אלע כאווײרים האָבן אָפגעצייכנט מארקישעס אידייִש־קינסטלערישן וווּקס.

מארקיש האָט פאַרגעלייענט זײַנע נײַע ווערק, וועלכע זײַנען אויסגעהערט געוואָרן מיט גרויס אופמערקזאמקײַט.

דער אָוונט האָט צוגעצויגן א גרויסן עולם און איז דורכגעגאנגען בא א געהויבענער שטימונג.

---

אין נײַעם מינסקער שטאָט-סאָוועט איז פון די שרײַבער אויסגעקליבן געוואָרן אלס דעפוטאט—דער כ׳ אנדריי אלעקסאנדראָוויטש.

פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער — א י ז י כ א ר י ק.
רעדקאָלעגיע: א. אַשעראָוויטש, ז. אקסעלראָד, אָ. בער, י. בראָנשטיין, א. דאמעסעק, כ. דונעץ, אי. כאריק, מ. קולבאק, ל. ראָזענהויז.

גלאווליטבעל 4145 באשטעלונג 1296 דרוקערײַ א. נ. סטאלין.

